# צוקער קראַנקהייט

דאַיעבּיטיס מעליטוס

פון
דר. דובאָווסקי

## אַ טייל פון אינהאַלט

אינם קאַמף געגען אַט דער ווייט-פאַרשפרייטער קראַנק-הייט, אין דעם פאַרזוך אָפּצוהאַלטען איר פאַרשפרייטען זיך צווישען אונזער עלטער-ווערענדער באַפעלקערונג ווערט אויפ-קלערונג באַטראַכט אַלס איינע פון די ווירקזאַמסטע מיטלען.

העלפען דעם עולם פאַרשטעהן דעם כאַראַקטער און די געפאַהרען פון דער צוקער קראַנקהייט, ווי צו דערקענען די פריהע סמנים פון דייעביטיז און ווי ניט צו פאַרנאַכלעסיגען די קראַנקהייט ווען מען געפינט אַז מען ליידט פון איר, דאָס זיינען וויכטיגע קאַמף-מיטלען אין דער מלחמה, וואָס מיר פירען אַן געגען דייעביטיז.

און דאָס איז די אויפגאַבע פון דעם בוך.

ניט אַלע דאָקטוירים זיינען איינשטימיג אין דער פראַגע פון לערנען דעם עולם ווי אַזוי צו דערקענען און פאַרשטעהן סמנים פון קראַנקהייטען.

מאַנכע דאָקטוירים זיינען איבערצייגט אַז אַביסעלע וויסען איז פאַר'ן עולם ערגער ווי גאָר ניט וויסען, ווייל עס קען פאַר-פירען אַ מענשען ער זאָל פרובירען זיך אַליין באַהאַנדלען ווען ער ווערט קראַנק, זיך פאַרלאָזענדיג אויף זיינע אייגענע, באַ-שריינקטע קענטעניסען.

אַנדערע דאָקטוירים דענקען, דאָס אַזוי ו״ דער עולם איינ-טערעסירט זיך יאָ מיט פראַגען וועגען געזונט און קראַנקהייטען, איז גלייכער צו געבען אים ריכטיגע אויסקינפטע אַנשטאַט די פאַלשע און שעדליכע וואָס ער קריגט פון אונפאַרלעסליכע קוואַלען אָדער פון מענשען וועלכע זוכען אַבזיכטליך אים צו פאַרפירען.

די דאָזיגע מיינונגס פאַרשידענהייט וואָס עקזיסטירט צווי-שען דאָקטוירים אין באַצוג צו אַלערליי קראַנקהייטען קען אָבער ניט גילטען אין דער פראַגע פון דייעביטיז. דאָ זיינען אַלע איינ-שטימיג, אַז צו קענען ריכטיג און ערפאָלגרייך באַהאַנדלען אַ צוקער קראַנקען איז נויטיג זיין פולע און פאַרשטענדיגע קאָ-אָפּעראַציע. און כדי דער פאַציענט אַליין זאָל קענען מיטהעלפען אין דער באַהאַנדלונג פון זיין קראַנקהייט דאַרף ער האָבען אַ קלאָרען באַגריף וועגען זיין לאַגע און וויסען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך.

יעדער דאָקטאָר וועלכער באַהאַנדעלט אַ גרויסע צאָל דייעבעטיקער ווייסט אַז וואָס מער אַ צוקער קראַנקער איז באַ-קאַנט מיט דער ריכטיגער באַהאַנדלונג פון דייעביטיז, אַלץ גרינגער איז אים צו באַהאַנדלען און אַלץ זיכערער איז דער פאַציענט צו זיין געזונט.

דער צוועק פון דעם בוך איז ניט צו לערנען די קראַנקע זיך אַליין צו באַהאַנדלען, נאָר צו העלפען זיי פאַרשטיין די מאָדער-נע באַהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט כדי צו קענען, אויף אַן אינטעליגענטען און פאַרשטענדיגען אופן מיטהעלפען זייער דאָק-טאָר, און דערמיט פאַרזיכערען זייער אייגען לעבען און געזונט.

# וואָס פאַר אַ קראַנקהייט
# איז דייעביטיז?

דייעבימיז איז א קראַנקהייט אין וועלכער דעם מענשענס פעהיגקייט צו פאַרנוצען שפייז, איבערהויפט צוקער שפייז איז פאַרקלענערט געוואָרען.

יעדער מענש פאַרנוצט אַ געוויסע מאָס ענערגיע אין זיין טאָג-טעגליכען לעבען. יעדער מענש עסט אַ געוויסע מאָס שפייז כדי צוריקצוקריגען די פארלוירענע ענערגיע. א געזונטער מענש קאָן פאַרנוצען אַ סך מעהר שפייז וויפיל זיין קערפּער דאַרף אין דער אמת'ן האָבען. ווען עטוואָס פּאַסירט אין קערפּער וואָס מאַכט אים אונפעאיג צו פאַרנוצען אַזוי פיל שפייז ווי ער האָט פריער געקאָנט טאָן, רופען מיר דעם דאָזיגען צושטאַנד דייע-ביטיז, אָדער די צוקער קראַנקהייט.

אַ דייעבעטיקער, אָדער אַ צוקער קראַנקער איז אַ מענש וועמענס פעהיגקייט צו פאַרנוצען (מעטאַבאָליזירען) שפייז, ספּעציעל צוקער, שפייז, איז פאַרקלענערט געוואָרען.

די גרעסטע מאָס שפייז וואָס מיר עסען, כמעט די גאַנצע מעהליגע שפייז (קאַרבאָהיידראַט) העכער א העלפט פון די פּראָטעין (איי-ווייס) שטאָפען און אַ צענטעל פון די פעטס, ווערט אין אונזער קערפּער פאַרוואַנדעלט אין צוקער בעת עס ווערט פאַרדייעט. מיט דער הילף פון אַ פליסיגקייט (אינסולין) וואָס געוויסע צעלען אין אונזער פּענקריעז דריזע שאַפען, ווערט אָט די גרויסע מאָס צוקער, וואָס קומט אַריין אינם בלוט פון יעדען מאָלצייט, פּרעזערווירט און אָפּגעלייגט אין לעבער און

טײלװײַז אין די מוסקולען אין דער פאָרמע פון „גלײקאָדזשען״. אינם בלוט אַלײן בלײַבט איבער נאָר ארום אײן צענטעל פון אײנם פּראָצענט צוקער. װען אַט די דאָזיגע מאָס צוקער װאָס געפינט זיך אינם בלוט װערט פאַרנוצט שיקט דער לעבער ארױס אַביסעל מעהר צוקער װאָס ער נעמט ארױס פון זײַן סטאָק „גלײקאָדזשען״.

אין אַ דײעבעטיקער פּאַסירט עטװאָס װאָס פאַרקלענערט די װירקונג פון די אינסולין (די פליסיגקײט פון דער פּענקריעז דריזע). צי זײַן פּענקריעז דריזע שאַפט טאַקי װײניגער אינסולין, אַדער עטװאָס אין זײַן קערפּער, שטערט אַדער שװאַכט אָפּ די װירקונג פון זײַן אינסולין, איז נאָך ניט באַקאַנט. נאָר אַ פאַקט איז עס דאָס אַ דײעבעטיקער האָט װײניגער װירקזאַמע אינסולין אין זײַן קערפּער, ניט גענוג צו פאַרנוצען אַדער מעטאַבאַליזירען די גאַנצע מאָס צוקער װאָס װערט געשאַפען פון זײַן שפּײַז. די ניט פאַרנוצטע צוקער שװימט ארום אין זײַן בלוט, און די איבעריגע צוקער פאַרלאָזט דעם קערפּער דורך די נירען צוזאַמען מיט די אורין. די פאַרלױרענע צוקער נעמט, נאַטירליך, אַװעק פון קערפּער אַ טײל פון די שפּײַז װאָס דער מענש עסט.

אַ דײעבעטיקער איז דארום אַ מענש אין װעמענס בלוט עס געפינט זיך צו־פיעל צוקער, אין װעמענס אורין מען געפינט צוקער, און װעלכער, אַלס אַ רעזולטאַט דערפון, װערט ניט גענוג גענעהרט פון די שפּײַז װאָס ער עסט.

דאָס געפינען אַביסעל צוקער אין די אורין פון אַ מענשען איז אָן און פאַר זיך נאָך ניט קײן באַװײַז אַז דער מענש לײַדט פון דײעבעטיז. יעדער מענש קאָן פאַרנוצען נאָר אַ געװיסע מאָס צוקער, און אױב אַ מענש עסט מיט אײנמאָל צופיעל, דאָס הײסט מער װי ער קאָן פאַרטראָגען, װעט ער האָבען צוקער אין זײַן אורין.

עס קאָן דארום זײַן אַז דאָס געפינען צוקער אין די אורין איז אַ רעזולטאַט נאָר פון אײנמאָל עסען צופיעל צוקער שפּײַז. אַדער עס קאָן זײַן אַן אַנדײַטונג אַז דעם מענשענס נירען

זיינען ניט-געזונט און זיי קאָזען דורך די נאָרמאַלע מאָס צוקער וואָס זיי דאַרפען פאַרהאַלטען אינ׳ם בלוט.

די נירען האָבען אַ דאָפּעלטען מעכאַניזם. איין טהייל באַשטייט פון די דורכזייערס, אָדער די „גלאָמערוליי". דאָס זיינען קנוילען פון דינינקע בלוט רעהרען. און דורך די ווענט פון די דאָזיקע דינינקע בלוט רעהרען געהט דורך די וואַסער טהייל פנוים בלוט וואָס ענטהאַלט אַלע נוצליכע שטאָפען, צווישען וועלכע עס געפינט זיך אויך די פולע מאָס צוקער אינם בלוט.

די צווייטע טהייל פון די נירען באַשטייט פון לאַנגע, געדרייטע, קאַנאַלען דורך וועלכע די דורכגעזייערטע וואַסער טהייל פונים בלוט געהט צו די רעהרען וואָס פיהרען עס אַרויס פון די נירען.

דורך די ווענט פון אָט די קאַנאַלען ווערען צוריק איינגעזאַפּט און צוריק געשיקט אינם בלוט אַלע נויטיגע כעמישע שטאָפען, און די גרעסטע טהייל פונים וואַסער, די איבעריגע, די ניט נויטיגע און די שעדליכע שטאָפען ווערען אַרויסגעשיקט פון די נירען אַלס אורין.

אַזוי לאַנג ווי די מאָס צוקער אינם בלוט איז אַ נאָרמאַלע ווערט די צוקער אין די נירען קאַנאַלען צוריק איינגעזאַפּט אינם בלוט. ווען די מאָס צוקער אינם בלוט ווערט צו גרויס, ווערט אַ טהייל פונים צוקער וואָס געפינט זיך אין די נירען קאַנאַלען ניט צוריק איינגעזאַפּט און עס געהט אַרויס אויפגעלעזט אין די אורין.

עס זיינען אָבער דאָ פאַלען אין וועלכע די קידני קאַנאַלען ליידען פון אַ געוויסער אונאָרדנונג וואָס שטערט זיי צוריק איינזאַפּען די צוקער אין דער פליסיגקייט וואָס געהט דורך זיי. אין אַזאַ פאַל געהט אַ טהייל פון בלוט—צוקער אַרויס דורך די אורין טראָץ דעם וואָס די מאָס צוקער אינם בלוט איז אַ נאָרמאַלע.

אַזאַ צושטאַנד באַצייכענט מען אַלס נירען-דייעביטיז. אַ מענש וועלכער ליידט פון נירען דייעביטיז האָט ניט קיין צופיעל צוקער אין זיין בלוט און ער דאַרף באַהאַנדעלט ווערען אויף אַן אַנדער אופן ווי אַן אמת׳ער דייעבעטיקער.

דאָס געפינען איינמאָל צוקער אין אַ מענשען׳ס אורין שטעמפּעלט נאָך ניט דעם מענשען אַלס אַ דייעבעטיקער. מען דאַרף אויך זיין בלוט אונטערזוכען און זיין שפייז-טאָלעראַנץ אויסגעפינען איידער מען באַשטימט צו ער איז טאַקי אַ צוקער-קראַנקער אָדער ניט.

דר. ב. דובאָווסקי

# איז דייעביטיז אַ אידישע קראַנקהייט?

פאַרשיידענע קראַנקהייטען זיינען פון צייט צו צייט באַצייכענט געוואָרען אַלס אידישע קראַנקהייטען.

די חולאת פון מערידען איז א צייט לאַנג באַטראַכט געוואָרען אלס אן עכט אידישע. דער אידישער פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד האָט געגראַמט מערידען מיט „מיר אידען". היינט ווייסען מיר, אַז די דאָזיגע אונאָרדנונג האָט קיין שום שייכות ניט צו אידען. ניט-אידעןליידען דערפון פונקט אַזוי פיעל, אויב ניט מעהר ווי אידען.

די קראַנקהייט וואָס באַשטייט אין דעם וואָס די בלוט רעהרען פון די פיס ווערען לאַנגזאַם פאַרשטאָפּט, אַ קראַנקהייט וואָס דאָקטוירים רופען „טהראָמבאָ-ענדזשיטיס-אָבליטעראַנס", אדער „דר. בערגער'ס קראַנקהייט", איז אַ צייט-לאַנג באַצייכענט געוואָרען אַלס „היברו דיזיס" — די אידישע קראַנקהייט. היינט ווייסען מיר אַז די קראַנקהייט איז פונקט אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט צווישען ניט-אידען ווי צווישען אידען.

דייעביטיז, די צוקער קראַנקהייט, איז מיט יאָהרען צוריק, באַטראַכט געוואָרען, אויב ניט אַלס אַ ריין-אידישע קראַנקהייט, אַמווייניגסטענס אַלס אַ חולאת פון וועלכער די מעהרסטע קרבנות זיינען אידען. אין אַלע אַלטע מעדיצינישע טעקסט ביכער ווערט באַטאָנט אַז אידען ליידען פון דער קראַנקהייט מעהר ווי ניט אידען.

לאָמיר דארום איצט זעהן: 1. וועלכע מענשען עס שטעלען צו די גרעסטע צאָהל קראַנקע און: 2. וואָס פאַר אַ שייכות אידישקייט האָט מיט דייעביטיז.

1. די גרעסטע צאָל דייעבעטיקער, פּראָפּאָרציאָנעל לויט

דער באַפעלקערונג געפינען זיך אין אונזער לאַנד — די פאַר־
אייניגטע שטאַטען.

דער לעבענס סטאַנדאַרד אין אונזער לאַנד איז אויך העכער
ווי אין אַנדערע לענדער.

אונטערזוכענדיג די צאַל צוקער קראַנקע צווישען די פאַר־
שיידענע גרופּען אין אונזער באַפעלקערונג האָט מען אויסגע־
פונען אַז צווישען פאַרמערס, צום ביישפּיל, זיינען דאָ וויניגער
דייעבעטיקער צווישען די אָרעמע, די וועלכע אַרבייטען פאַר
יענעם, ווי צווישען די רייכע פאַרמערס וועלכע „מענעדזשען"
נאָר אָדער פאַרוואַלטען זייערע פאַרמס און לאָזען אַנדערע טוהן
די שווערע אַרבייט.

אונטערזוכענדיג די צאַל דייעבעטיקער און די לעבענס־באַ־
דינגונגען אין פאַרשיידענע לענדער האָט מען אויסגעפונען, אַז
וואָס בעסער עס זיינען די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אונטער
וועלכע מענשען לעבען און וואָס וויניגער פיזישע אָנשטריינ־
גונגען מענשען מאַכען ביי זייער אַרבייט, אַלץ גרעסער איז די
צאַל דייעבעטיקער צווישען זיי.

די גרעסטע צאַל צוקער קראַנקע קומען דאָרום פון די גרו־
פּען אין דער באַפעלקערונג וועלכע טוהען ניט קיין שווערע אַר־
בייט און וועלכע לעבען אונטער עקאָנאָמישע באַדינגונגען וואָס
ערלויבען זיי צו זיין גוט גענעהרט.

2. און איצט לאָמיר זעהן וואָס פאַר אַ שייכות האָט אידיש־
קייט מיט דייעבעטיז.

די שטאָט ניו יאָרק האָט די גרעסטע צאַל דייעבעטיקער
(פּראָפּאָרציאָנעל לויט איהר באַפעלקערונג) פון אירגענד וועל־
כער שטאָט אין דער וועלט. ניו יאָרק האָט אויך די גרעסטע צאַל
אידען פון אירגענד וועלכער שטאָט אין דער וועלט.

איז דאָ אַ שייכות צווישען די דאָזיגע צוויי פאַקטען?

אין יאָהר 1931 איז געמאַכט געוואָרען אַ פאַרזוך צו געפינען
אַן ענטפער אויף דער אויבענגעשטעלטער פראַגע.

אין ניו יאָרק איז דאָ אַ געזעץ דאָס ווען אַ מענש שטאַרבט
דאַרף דער דאָקטאָר אָנגעבען אויפן טויטען־שיין די וויכטיגסטע

קראַנקהייטען פון וועלכע דער פאַרשטאָרבענער האָט געליטען. אויב דער פאַרשטאָרבענער האָט אויך געליטען פון דייעביטיז, אַפילו ווען דאָס האָט ניט בייגעטראָגען צו זיין טויט, דאַרף מען דאָס אויך אָנגעבען אויפן טויטען-שיין.

האָט מען, אין יאָהר 1931, שטודירט און פאַרגליכען אַרום פיערצעהן-טויזענט טויטען-שיינען פון אידישע, און אַרום זיבען און צוואַנציג טויזענד פון ניט אידישע מתים.

פון דער דאָזיגער אונטערזוכונג האָט מען אויסגעפונען דאָס צווישען די אידישע פאַרשטאָרבענע אין ניו יאָרק זיינען געווען כמעט צוויי מאָל אַזוי פיעל ליידענדע פון צוקער קראַנק-הייט ווי צווישען די ניט אידישע, אָבער די גרעסטע צאָל פון די דאָזיגע דייעבעטיקער זיינען געווען צווישען עלטערע מענשען, ספּעציעל צווישען עלטערע פרויען.

מען רעכענט אַז דורכשניטליך איבער גאַנץ אַמעריקע ליי-דען פון דייעביטיז צווישען אַנדערהאַלבען און צוויי פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. לויט דער אינטערעסאַנטער סטאַטיס-טישער אויסרעכענונג פון די ניו יאָרקער פאַרשטאָרבענע האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז צווישען דער ניט-אידישער באַפעלקערונג האָבען צוויי מיט דריי פערטעל פּראָצענט (2.45%) פון די פאַר-שטאָרבענע געליטען פון דייעביטיז, בעת צווישען דער אידישער באַפעלקערונג האָבען גענויע פיער און אַ האַלב פּראָצענט (4.29%) פון די פאַרשטאָרבענע געליטען פון דייעביטיז.

דאָס איז גערעדט פאַר אַלע מענשען. צווישען עלטערע מענשען איז די צאָל דייעבעטיקער געווען פיעל גרעסער ווי צווישען אינגערע. ווען מען האָט גערעכענט נאָר די וועלכע זיינען געשטאָרבען אין עלטער פון פינף און פופציג ביז 64 יאָהר, איז די צאָהל דייעבעטיקער צווישען זיי געווען עלף און אַ האַלב פּראָצענט, און צווישען זיי זיינען געווען צוויי מאָל אַזוי פיעל פרויען ווי מענער.

אַ גרינדלעכער אַנאַליז פון די דערמאָנטע ציפערען האָט אַרויסגעבראַכט זעהר אַ סך אינטערעסאַנטע פאַקטען. איך וועל דאָ איבערגעבען נאָר דעם סך הכל:

1. אין פאַרגלייך מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג איז די צאָהל צוקער קראַנקע גרעסער צווישען אידען ווי צווישען ניט אידען.

2. יונגע קינדער דייעבעטיקער, זיינען צווישען אידען דאַ ווייניגער ווי צווישען ניט אידען.

3. אין זייערע יונגע יאָהרען, צווישען צוואנציג און פערציג יאָהר אַלט, איז דער פּראָצענט דייעבעטיקער צווישען אידען ניט גרעסער ווי צווישען ניט אידען.

4. אין זייערע מיטעלע יאָהרען פון פינף און פערציג יאָהר און עלטער, שטייגט דער פּראָצענט דייעבעטיקער צווישען אי־דען פיל גרעסער ווי צווישען ניט־אידען.

5. די צאָהל דייעבעטיקער צווישען עלטערע אידישע פרויען איז פיעל גרעסער ווי צווישען עלטערע אידישע מענער.

6. אָט דער כלל גילט נאָר פאַר פאַרהייראַטע אידישע פרויען אָדער אלמנות. צווישען אונפאַרהייראַטע עלטערע פרויען איז די צאָהל צוקער קראַנקע נישט גרעסער ווי צווישען מענער פון דעם זעלבען עלטער. (מאַנכע דאָקטוירים נעמען דאָס אָן אַלס אַ באַווייז אַז שוואַנגערשאַפט און קינדער האָבען, זעצט אויס פרויען צו דער געפאַהר פון קריגען דייעביטיז).

7. מיר ווייסען, אַז דאָס זיין צו פעט האָט אַ געוויסע שייכות צו דער צוקער קראַנקהייט.

לויט די סטאַטיסטישע אויסרעכענונגען פון דער „יוניאָן סענטראַל לייף אינשורענס קאָמפּאַני", ווי ציטירט פון דר. דזשאָסלין, איז די שטערבליכקייט פון דייעביטיז אנדערהאַלבען מאָל אַזוי גרויס צווישען מענשען, וואָס זיינען פון 5 ביז 14 פּראָצענט איבערגעוויכט, (דאָס הייסט מעהר ווי זיי וואָלטען געדאַרפט וועגען לויט זייערע יאָהרען און הויכקייט) ווי צווי־שען נאָרמאַלע מענשען.

צווישען די מענשען וועלכע וועגען פון 15 ביז 24 פּראָצענט מעהר ווי די נאָרמאַלע געוויכט זייערע וואָלט געדאַרפט זיין, איז די שטערבליכקייט פון דייעביטיז דריי מיט איין פינפטעל מאָל אַזוי פיעל ווי צווישען נאָרמאַלע מענשען.

דאָס איז פאַר מענשען, וועלכע זיינען אינגער פון 45 יאָהר.

צווישען עלטערע מענשען איז די שטערבליכקייט נאָך גרעסער. צווישען די וואָס וועגען פון 5 ביז 14 פּראָצענט מעהר איז די שטערבליכקייט פון דייעביטיז צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי צווישען די וואָס האָבען אַ נאָרמאַלע געוויכט. צווישען די וואָס וואָס וועגען פון 15 ביז 24 פּראָצענט מעהר איז די שטערב־ליכקייט פיער מאָל אַזוי גרויס, און צווישען די וואָס וועגען מיט 26 פּראָצענט און העכער, מעהר ווי זייער נאָרמאַלע געוויכט, איז די דייעבעטישע שטערבליכקייט צעהן מאָל אַזוי גרויס ווי צווישען דורכשניטליכע מענשען, וואָס וועגען ניט צופיעל.

פעטקייט שפּיעלט דאַרום אַ זעהר וויכטיגע ראָלע אין דייע־ביטיז.

לאָמיר־זשע איצט זעהן וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס צו דער גרעסערער צאָהל דייעבעטיקער צווישען אידען.

אין זייערע יונגע יאָהרען ליידען אידען ניט מעהר פון דייע־ביטיז ווי ניט אידען. (קינדער דייעבעטיקער האָבען אידען וועני־ניגער ווי ניט־אידען). וואָרום? ווייל יונגע אידען ארבייטען שווער און עסען ניט מעהר ווי די דורכשניטליכע מענשען עסען.

אָבער די מעהרסטע מיטעל־יעהריגע און עלטערע אידען אַרבייטען פיזיש וועניגער און עסען מעהר.

יעדען פון אונז איז באַקאַנט דאָס אַן עכט אידישער מאָל־צייט איז פיעל רייכער אין ענערגיע שאַפענדע שפייזען און פעטס ווי דער דורכשניטליכער ניט אידישער מאָהלצייט. א אידישער באַנקעט ענטהאַלט כמעט אַזוי פיעל שפּייז וויפיעל עס וואָלט געווען גענוג פאַר אַלע דריי מאָהלצייטען פון טאָג.

שבת׳דיגע און יום טוב׳דיגע מאכלים זיינען פיעל רייכער ווי די געוועהנליכע וואָכעדיגע מאָלצייטען. דערצו געהען אַזעל־כע מענשען אָפט צו גאַסט, און ווען מען קומט צו גאַסט מוז מען עסען, אַפילו ווען עס איז נאָך אַ שווערען מאָלצייט. כיבוד ווערט דאָך ניט באַטראַכט אַלס עסענוואַרג אפילו ווען דער כיבוד באַשטעהט פון לאַטקעס, געמאַכט פון אייער, מעהל, שמאַלץ

און אָיל אָדער עס באַשטעהט פון וויין, „קעיקס״, סטרודעל און עהנליכע פעט מאַכענדע שפייז.

די שבת־יום־טוב מאכלים, די אָפטע אייגענע און פרעמדע שמחות, די עקסטרא באַנקעטען און די כבודים ווען מען געהט צו גאַסט פאַרדאָפּלען די מאָס שפייז, וואָס די מעהרסטע אידען עסען. און אַזוי ווי זיי עסען מעהר ווי זיי דאַרפען און אַרבייטען, אָדער מאַכען פיזישע איבונגען, וויינינגער ווי זיי דאַרפען, זיינען זיי מעהר אויסגעזעצט צו דער געפאַהר פון קריגען דייעביטיז ווי זיי זיינען אין די אינגערע יאָהרען.

און וואַרום אידישע פרויען ליידען פון דייעביטיז מעהר ווי זייערע מענער, איז אויך גרינג צו פאַרשטעהן. די פרויען קאָכען און באַקען אָט די רייכע מאכלים. די פרויען גרייטען צו די נאַשערייען מיט וועלכע מען דאַרף מכבד זיין די געסט. זיי מוזען פאַרזוכען די אַלע שפייזען, און זיי האָבען נאָך וויינינגער פיזישע איבונגען ווי די מענער, די פרויען זיינען געוועהנליך פעטער ווי זייערע מענער, דערפאַר ליידען זיי מעהר ווי די מענער.

מיטעל־יעהריגע פרויען וועלכע האָבען קיינמאָל ניט גע־הייראַט, זיינען קיינמאָל קיין בעל הבית׳טעס ניט געווען, זיי האַלטען אויף זייער געוויכט און זייער שפייז פונקט ווי מענער. דורכשניטליך וועגען אונפאַרהייראַטע פרויען פיעל ווענינגער ווי פאַרהייראַטע, דערפאַר ליידען זיי אויך פון דייעביטיז ווענינגער, יעדענפאַלס ניט מעהר ווי מענער פון זעלבען עלטער.

צו־ווענינג פיזישע ביוועגונג און צו־פיעל שפייז איז צו אַ גרויסען גראַד פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער ענטוויקלונג פון דייעביטיז צווישען די וועלכע האָבען אַ נייגונג צו דער קראַנק־הייט.

עלטערע אידישע מענער און פרויען זיינען פיזיש ניט גענוג אַקטיוו און שפייז פאַרנוצען זיי מעהר ווי זיי דאַרפען. דאָס, און ניט זייער אידישקייט, קאָן זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער גרעסערער צאָהל דייעביטיז ביי אידען.

ירושה שפיעלט אַ גרויסע ראָלע אין דער צוקער קראַנקהייט, אָבער צווישען די וועלכע האָבען גע׳ירש׳נט די נייגונג צו דער

קראַנקהייט וועלען די פעטערע מענשען זי גיכער קריגען.
עס איז דאַרום אמת אַז עלטערע אידען ליידען פון דייע־ביטיז מעהר ווי ניט אידען. אָבער דאָס מאַכט ניט די קראַנק־הייט פאַר אידיש. אומגעבונג, אַרבייט און שפּייז האָט דערמיט מעהר צו טאָן ווי אידישקייט.

# סמנים פון דער צוקער קראַנקהייט

די צוקער קראַנקהייט פאַנגט זיך געוועהנליך אָן מיט אַזוי וועניג סמנים און פאַרשאַפט איהר קרבן אַזוי וועניג אומאַנגענעמליכקייט, דאָס דער מענש באַמערקט גאָר ניט, אַז ער איז קראַנק. די קראַנקהייט פאַר׳גנב׳עט זיך צום מענשען אַזוי שטיל און טהוט די ערשטע צייט אַזוי וועניג שאָדען, דאָס אין די מערסטע פאַלען ענטדעקט מען נאָר דורך אַ צופאַל, אין פאַרלויף פון אַן אנדער אונטערזוכונג, אַז דער באַטרעפענדער מענש האָט דייעביטיז.

אַ סך פון אַזעלכע אומערוואַרטעטע ענטדעקונגען ווערען געמאַכט בעת אַ פיזישער אונטערזוכונג פאַר לעבענס-פאַרזיכערונג. ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך געזעהן אַזאַ פאַציענט מיט אַכט פראָצענט צוקער אין זיין אורין (אַן אויסערגעוועהנליך הויכער פראָצענט צוקער) וועלכער האָט ניט געפיהלט קיין שום אומאַנגענעהמליכקייט פון זיין קראַנקהייט, און ער וואָלט גאָרניט געוואוסט, דאָס ער איז אַ דייעבעטיקער, ווען ניט די צופעליגע אונטערזוכונג פאַר לעבענס-פאַרזיכערונג.

פעריאָדישע פיזישע אונטערזוכונגען און אורין-אונטערזוכונגען פון יעדען פאַציענט, אומגעאַכט אויף וואָס יענער זאָל זיך ניט באַקלאָגען, וואָלטען געקאָנט ענטדעקען פריהצייטיג פאַלען פון צוקער קראַנקהייט, נאָך איידער די סמנים פון דער קראַנקהייט ענטוויקלען זיך.

די סמנים לויט וועלכע מען קאָן דערקענען די קראַנקהייט זיינען:

דורשט און צופיעל טרינקען ;
צופיעל וואַסער-לאָזען ;
הונגער און צופיעל עסען ;
פאַרלוסט פון געוויכט, טראָץ דעם עסען צופיעל ;
אַ הויט-בייסונג, ספּעציעל אין די געשלעכטס-טיילען ;
אַלגעמיינע שוואַכקייט און פאַרשידענע אומערקלערבאַרע שמערצען און וועהטאָגען.

די סמנים קומען ניט אין דער אָרדנונג, אין וועלכער איך האָב זיי אויסגערעכענט. מאַנכע דייעבעטיקער דערפיהלען אַ בייסונג, איידער זיי באמערקען, דאָס זיי עסען פיעל אָדער טרינקען פיעל. מאַנכע פאַנגען אָן פאַרלירען געוויכט אַלס ערשטען סמן, און מאַנכע באַקלאָגען זיך אויף שוואַכקייט און אויף קיין אַנדער זאַך, ווען זיי קומען צום דאָקטאָר, — און מען געפינט צוקער אין זייער אורין. אָבער די אויסגערעכענטע סמנים קומען געוועהנליך, פריהער אָדער שפּעטער, ביי יעדען צוקער-ליידענדען, אויב ער היט זיך ניט אָפּ און נעמט ניט באַציימענס די נויטיגע שריט צו קאָנטראָלירען זיין קראַנקהייט.

אום צו פאַרשטעהן די וויכטיגקייט און באַדייטונג פון די אויסגערעכענטע סמנים, איז נויטיג צו וויסען דעם מעכאַניזם, וואָס רופט זיי אַרוים.

ווען עס זאַמעלט זיך אָן צופיעל צוקער אין דעם בלוט, מוז דער קערפּער פּטור ווערען דערפון, ווייל אַ בלוט וואָס איז צופיעל באַלאָדען מיט צוקער איז זעהר שעדליך פאַר דעם קערפּער. אום ארויסצושיקען דעם צוקער דורך די נירען, דאַרף ער אויפגעלייזט ווערען אין אַ סך וואַסער. צוזאַמען מיט דעם צוקער פאַרלירט אויך דאָס בלוט פיעל וואַסער דורך די נירען, — און דאָס ערקלערט דאָס פיעל וואַסער-לאָזען.

אָבער דער קערפּער מוז האָבען אַ באַשטימטע מאָס וואַסער, אויב ניט קאָנען ניט פאָרקומען די כעמישע פּראָצעסען, וועלכע קומען פאָר אין קערפּער. דערפאַר מוז מען טרינקען וואַסער, אום גוט צו מאַכען דעם פאַרלוסט פון וואַסער דורך די נירען. וואָס מער וואַסער מען לאָזט, אַלץ מער מוז מען טרינקען. און

דערפֿאַר פּיהלט מען דורשטיג, כאָטש מען טרינקט אַ סך וואַסער.

דער קערפּער מוז האָבען אַ געוויסע מאָס שפּייז צו קאָנען אָנגעהן מיט ז״ין טעטיגקייט. אין אַ דייעבעטיקער ווערט אַ טייל פון די שפּייז, וואָס ער עסט, פאַרלוירען פון קערפּער אין דער פאָרמע פון צוקער אין זיין אורין. וואָס מער צוקער ער פאַרלירט דורך זיין אורין, אַלץ אַ גרעסערער טייל פון זיין שפּייז געהט אין ניוועץ, דאָס הייסט, אין דער אמת׳ן פאַרנוצט ער ניט די גאַנצע מאָס שפּייז, וואָס ער עסט. ער פאַרנוצט נאָר דאָס, וואָס עס בלייבט, ווען מען רעכענט אַרונטער די מאָס צוקער וואָס ער פאַרלירט אין די אורין. וואָס מער צוקער ער פאַרלירט, אַלץ וועניגער בלייבט אים. דערפֿאַר איז ער אַלעמאָל הונגעריג, כאָטש ער עסט פּיעל.

און ווייל עס בלייבט אים וועניג פון דעם עסען, ווייל ער פאַרלירט א טייל דערפון אין דער פאָרמע פון צוקער אין זיין אורין, ווערט ער ניט גוט גענעהרט, פאַרלירט ער געוויכט, און ווערט שוואַכער. צו פאַרהיטען דעם פאַרלוסט פון געוויכט און צו קריגען מער כחות, עסט אַזאַ מענש מער. אָבער וואָס מער ער עסט, אַלץ ערנסטער ווערט זיין דייעבעטישער צו־שטאַנד, אַלץ מער צוקער באַקומט ער, און אַלץ שוואַכער ווערט ער.

ווי מען קאָן זעהן פון דער ערקלערונג פון די אויסגערעכענ־טע סמנים, דייטען זיי אַלע אָן אויף אַן ערנסטען און גוט־אַנט־וויקעלטען צושטאַנד פון דייעביטיז. איידער דער קערפּער האָט געליטען שאָדען, איידער די קראַנקהייט שטערט דער גענוגענ־דער נאַהרונג פון קערפּער, פּיהלט דער קראַנקער קיינע שלעכ־טע פאָלגען און פאָלגליך קאָן ער אַליין ניט וויסען, דאָס ער האָט דייעביטיז. נאָר אַן אונטערזוכונג פון דעם בלוט אָדער פון די אורין קאָן צייגען, דאָס אַזאַ פערזאָן איז אַ דייעבעטיקער.

עס איז דאַרום ניט ראַטזאַם צו וואַרטען אויף די אומאַנגע־נעמע סמנים פון דייעביטיז, איידער מען זוכט הילף געגען דער קראַנקהייט. אָבער ווען די סמנים האָבען זיך שוין ענטוויקעלט, ווען דער קראַנקער דערפּילט שוין איינעם אָדער אייניגע פון

דר. ב. דובאָװסקי

די אויסגערעכענטע אומאַנגענעמליכקייטען, איז עס די העכסטע צייט אָנצונעמען דרייסטע מיטלען צו קאָנטראָלירען דעם ווייטערדיגען גאַנג פון דער קראַנקהייט.

אויב מען געפינט צוקער אין אייער אורין און צופיעל צוקער אין אייער בלוט, זאָגט ניט: „אָבער איך פיהל דאָך גאָרניט, פאַרוואָס זאָל איך ניט עסען וואָס און וויפיעל איך וויל?" אויב איהר וועט וואַרטען, ביז איהר וועט דערפילען די קראַנקהייט, וועט דער שאָדען צו אייער קערפער זיין פיל גרעסער.

און אויב איהר דערפיהלט שוין איינעם אָדער אייניגע פון די אויסגערעכענטע סמנים, איז עס זיכער שוין די העכסטע צייט צו באַהאַנדלען אייער צושטאַנד. דייעביטיז קאָן לייכט קאָנטראָלירט ווערען, ווען מען טוט עס באַצייטענס. עס איז א זעהר ערנסטע קראַנקהייט, ווען פאַרנאַכלעסיגט.

# קאָן מען אויסגעפינען צו איינער האָט אַ נייגונג צו דייעביטיז

קינדער, און נאָהענטע קרובים פון צוקער קראַנקע, וועלכע האָבען אַליין ניט קיין צוקער אין זייער אורין און האָבען אַ נאָרמאַלע מאָס צוקער אין זייער בלוט, זיינען, אָדער דאַרפען זיין, שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער פראַגע צי מען קאָן באַשטימען אויב זיי האָבען אַ נייגונג צו דער צוקע רקראַנקהייט. צי זיי זיינען ניט אין געפאַהר צו קריגען די קראַנקהייט מיט יאָהרען שפּעטער, און אויב יאָ, וואָס דאַרפען זיי טאָן כדי צו פאַרהיטען זיך פון דער דאָזיקער געפאַהר.

אין די מעהרסטע פאַלען ווען מען אונטערזוכט אַ מענשען׳ס אורין, עטליכע שעה נאָך זיין מאָלצייט און מען געפינט דאָרטען ניט קיין צוקער, און אויב מען אונטערזוכט דעם זעלבען מענשען׳ס בלוט באַלד אין דער פריה, איידער ער עסט, און מען געפינט דאָרטען אַ נאָרמאַלע מאָס צוקער, אומגעפעהר איין צעהנטעל פון איינס פּראָצענט, זאָגט מען אַז דער מענש איז ניט קיין דייעבעטיקער.

עס איז אָבער דאָ אַ פּראָבע דורך וועלכער מען קאָן אויסגעפינען צי דער מענש האָט אַ נייגונג צו דער צוקער קראַנקהייט. די פּראָבע רופט מען: „די צוקער־טאָלעראַנץ־פּראָבע”.

ווען אַ נאָרמאַלער, ניט דייעבעטישער, מענש עסט און די שפּייז ווערט פאַרדייעט, ווערט די גרעסטע טהייל דערפון פערוואַנדעלט אין צוקער און איינגעזאַפּט אינ׳ם בלוט. דאָס בלוט, נאָך אַ מאָלצייט, האָט דערפאַר אַ גרעסערע מאָס צוקער. אָבער אין פאַרלויף פון אַ שעה צייט, ווען דאָס בלוט צירקולירט דורכ׳ן קערפּער ווערט די גרעסטע מאָס דערפון אַרויסגענומען, פּרעזערווירט אין דער פאָרמע פון „גלייקאָ־דזשען”, און אָפּגעלעגט אינ׳ם לעבער און אין די מוסקולען. די מאָס צוקער אינ׳ם בלוט ווערט דאַן צוריק אַזוי קליין ווי פריהער, און ווען די מאָס ווערט פאַרנוצט ווערט אַ טהייל פון די פּרעזערווירטע צוקער אַרויסגענומען פון׳ם לעבער און אַרויסגעשיקט אין׳ם בלוט אריין.

ביי אַ נאָרמאַלען מענשען איז די צייט וואָס עס געדויערט אַרויסצונעהמען די איבעריגע צוקער פון׳ם בלוט צווישען אַ האַלבע און איין שעה צייט.

טהוט מען אזוי: מען גיט דעם מענשען אויסטרינקען אַ פליסיגקייט און וועלכער עס איז אויפגעלעזט אַ געוויסע מאָס צוקער. (אין די מעהרסטע פראָבעס נוצט מען 100 גראַם צוקער). און מען אונטערזוכט זיין אורין און זיין בלוט, איין מאָל איידער ער טרינקט אוים דעם צוקער, און יעדע שעה נאָכ׳ן טרינקען פאַר דריי שעה נאָכאַנאַנד. וואָס לענגער די עקסטראַ מאָס צוקער פאַרבלייבט אין׳ם בלוט, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, וואָס לענגער עס געדויערט די צייט איידער דער לעבער און די מוסקולען נעהמען אַרוים די איבעריגע צוקער פון׳ם בלוט, אַלץ גרעסער איז דעם מענשען׳ם נייגונג צו דייעביטיז.

וואָס זשע דאַרף אַזאַ מענש טוהן כדי זיך אויסהיטען פון קריגען די צוקער קראַנקהייט?

ער דאַרף זיך אויסהיטען פון ווערען פעט, ער דאַרף באַצייטענס באַשריינקען די מאָס פון די קראָכמאַל און צוקער שפייזען וואָס ער עסט און עסען דאַרף ער נאָר אַזון פיעל וויפיעל עס איז נויטיג אויפצוהאַלטען זיין קערפער אין אַ געזונטען צושטאַנד. (די מעהרסטע מענשען עסען אַ סאַך מעהר). ער דאַרף אויך, אויף ווי ווייט נאָר מעגליך, זיך אויסהיטען פון אינפעקטיווע קראַנקהייטען.

מיט איין וואָרט, אַ מענש וועלכער האָט אַ נייגונג צו דייעביטיז, אָבוואויל ער איז נאָך פריי פון דער קראַנקהייט, דאַרף זיך באַטראַכטען אַלס אַ מעגליכער, „פּאַטענציעלער" צוקער קראַנקער, און ער דאַרף באַצייטענס זיין אָפּגעהיט מי טזיין שפייז. אויב ער וועט עס טאָן האָט ער גוטע אויפּ-זיכטען ניט צו ליידען פון דייעביטיז.

# קאָן מען זיך אויסהיטען פון צוקער קראנקהייט?

צו קאָנען זיך אויסהיטען פון אַ געוויסער קראַנקהייט דאַרף מען צוערשט וויסען גענוי פון וואָס און אויף וועלכען אופן די קראַנקהייט ווערט פאַראורזאַכט און מען דאַרף קאָנען די דאָזיגע אורזאַכען אויסמיידען.

אַלס א כלל קאָן מען זאָגען אַז די אורזאַכען פון דער צוקער קראַנקהייט זיינען נאָך ניט באַוואוסט. ניט אין אַלע פאַלען קאָנען מיר באַשטימען וואָרום די פּענקריעז דריזע פּראָדוצירט ניט גענוג אַקטיווע אינסולין אין א מענשען, אָדער וואָרום די אינסו-לין וואָס זי פּראָדוצירט יאָ ווירקט ניט אין אַ דייעבעטיקער אַזוי גוט ווי אין א נאָרמאַלען מענשען.

פון דעם שטאַנדפּונקט איז דאַרום ניט מעגליך צו זאָגען ווי אַזוי דייעביטיז אין אַלגעמיין קאָן פאַרהיט ווערען.

אָבער ניט אַלע דייעבעטיקער זיינען גלייך, זיי אונטער-שיידען זיך זעהר שטאַרק איינער פון אַנדערען. און אין אַ סך פון זיי קאָן מען יאָ אויסגעפינען די אורזאַכען און מען קאָן זיי אויך באַזייטיגען אויב מען טהוט עס נאָר באַצייטענס.

די מעהרסטע צוקער קראַנקע קאָנען איינגעטיילט ווערען אין פיער קלאַסען אָדער גרופּען.

אין דער ערשטער גרופּע קאָן מען פאַררעכענען אַלע דייע-בעטישע קינדער, צוקער קראַנקע וואָס זיינען צווישן איין און צעהן יאָר אַלט. עס איז קיין פראַגע ניט דאָס אַזעלכע קינדער ירשנ׳ען די קראַנקהייט פון זייערע עלטערען. און דער איינציגער וועג זיך אויסצוהיטען פון אַזאַ ירושה איז געבוירען צו ווערען ביי ניט דייעבעטישע עלטערען, און ביי אַזעלכע וואָס שטאַמען פון ריינע, ניט דייעבעטישע משפחות.

קינדער האָבען נאַטירליך קיין דעה ניט ביי ווענען זיי זאָלען געבוירען ווערען, אָבער די עלטערען האָבען יאָ א דעה איבער זייערע נאָך ניט געבוירענע קינדער. איך וועל דאַרום אין א שפּעטערען קאַפּיטעל רעדען וועגען דער פראַגע פון הייראַטען צווישען צוקער קראַנקע, און וועגען קינדער פון צוקער קראַנקע עלטערען.

אין דער צווייטער גרופּע צוקער קראַנקע באַלאַנגען די וואָס קריגען זייער קראַנקהייט צווישען 20טען און 40טען יאָהר פון זייער לעבען.

אויך אין דעם פאַל איז די קראַנקהייט מערסטענס אַ ירושה זאַך. די דאָזיגע מענשען ירש'נען פון זייערע עלטערען אַ שוואַכען קערפּער. אַ קערפּער וואָס קאָן ניט ביישטעהן דעם געוועגליכען שטורם און דראַנג פון לעבען. אויב אַזעלכע מענשען ליידען פון פאַרשיידענע קראַנקהייטען אָדער צוליב איין אָדער אַן אַנדער אורזאַכע ווערען זיי אויסגעמאַטערט, האָט זייער קערפּער ניט גענוג ווידערשטאַנדס קראַפט. אויב זיי עסען צופּיעל, מער ווי זייער אָפּגעשוואַכטער קערפּער קאָן פאַרנעמען, קריגען זיי די צוקער קראַנקהייט.

דעם ירושה פעהלער קאָן מען ניט אויסמיידען, אָבער אַזעלכע מענשען דאַרפען זיך אויסהיטען אויף ווי ווייט נאָר מעגליך פון קראַנקהייטען און פון אַלערליי אָנשטרענגונגען וואָס קאָן זיי אויסמאַטערען. זיי דאַרפען, אויף ווי ווייט זייערע אומשטענדען דערלויבען, פיהרען אַ רוהיגען לעבען און טאָרען ניט ווערען פעט.

אין דער דריטער גרופּע באַלאַנגען די דייעבעטיקער וועלכע קריגען זייערע סמנים פון צוקער קראַנקהייטען צווישען 40טען און 50טען יאָהר פון לעבען. די מערסטע פון אַזעלכע קראַנקע זיינען פרויען.

עס איז מיין מיינונג, געשטיצט אויף שטודירען אַ גרויסע צאָל פון אַזעלכע קראַנקע, דאָס זייער דייעביטיז איז אַ פאָלגע פון זייער ענדערונגס פעריאָדע (טשיינדזש אָוו לייף). אין דעם לעבענס אַלטער קומען פאָר געוויסע ענדערונגען אין דער פונק-

ציע פון די אינערליכע דריזען, און איינע פון די רעזולטאַטען פון די דאָזיגע ענדערונגען איז דער צושטאַנד וואָס מיר באַציי־כענען אַלס דייעביטיז.

צו קאָנען זיך אויסהיטען פון דער קראַנקהייט אין אזא פאַל דאַרף מען אַכטונג געבען אַז יעדע פרוי וואָס מאַכט דורך איהר ענדערונגס פעריאָדע, ספּעציעל אין די פאַלען וואו די פרויען קומען פון דייעבעטישע משפחות, זאָל קריגען באַהאַנדלונגען מיט דריזען עקסטראַקטען ביז אין איר קערפּער וועט זיך ווי־דער איינשטעלען אַן אָרדנונג צווישען די דריזען און אַלע סמנים פון דער ענדערונגס פעריאָדע וועלען פאַרשווינדען. אויף אַזאַ אופן און דורך אַזעלכע באַהאַנדלונגען ווען אָנגעווענדעט באַ־צייטענס, וואָלט מען געקאָנט פאַרהיטען אַ סך פרויען פון קריי־גען די צוקער קראַנקהייט.

די פערטע גרופּע באַשטייט פון די דייעבעטישע מענער און פרויען וועלכע קריגען זייער קראַנקהייט ערשט נאָך די פופ־ציגער יאָרען. נאָך מיין מיינונג זיינען אַזעלכע צוקער ליידענדע גאָר ניט קיין דייעבעטיקער. אויף דער עלטער ווערען אַלע אברים שוואַכער, דער מענש קאָן ניט געהן אַזוי גיך ווי פריער, קאָן ניט אַרבייטען אַזוי שווער, קאָן ניט זען און ניט הערען אַזוי גוט ווי פריער און ער קאָן ניט מעטאַבאַליזירען (פאַרנוצען) אַזוי פיעל שפּייז ווי פריער. דער עלטערער מענש געהט טאַקי לאַנגזאַמער, ער אַרבייט ווייניגער און שטרענגט אָן אַלע זיינע גלידער ווייניגער. אָבער עסען עסט ער די זעלבע מאָס אויב ניט נאָך מהר, ווי פריער. דער רעזולטאַט איז דאָס זיין קערפּער ווערט פעט. און אויב ער קאָן ניט אָפּשפּאָרען די איבעריגע צוקער שפּייז — פאַרלירט ער אַ טייל פון זיין איבעריגע שפּייז אַלס צוקער אין זיין אורין.

אַזעלכע עלטערע צוקער ליידענדע זיינען דאַרום ניט קיין אמת׳ע דייעבעטיקער. זיי דאַרפען נאָר פאַרקלענערען די מאָס שפּייז וואָס זיי עסען פונקט ווי זיי פאַרקלענערען די מאָס אַרבייט וואָס זיי טוען. און אויף אַזאַ אופן וועלען זיי זיך אויסהיטען פון דער צוקער קראַנקהייט.

ווען איך דערקלער דאָס אַן עלטערען פּאַציענט וועלכער קומט מיט צוקער אין זיין אורין, שטעלט ער, געוויינליך צוויי פראַגען:

ערשטענס, אויב איך בין ניט קיין דייעבעטיקער, ווי איהר זאָגט, וואָרום טאָר איך נישט עסען וואָס און וויפיעל איך וויל? און

צווייטענס, אויב איך וועל אייך פּאָלגען און אָפּהיטען די דייעטע וואָס איהר גיט מיר, ווען וועל איך פּטור ווערען פונם צוקער און מעגען עסען וואָס און וויפיל איך וויל?

צו קאָנען בעסער פאַרשטעהן די ענטפערס אויף די דאָזיגע פראַגען וועלען מיר אָננעמען אַ ביישפּיעל פון אַן אנדער עלטערען מענשען, וועלכער ליידט ניט פון איבעריגע צוקער.

אַ פרוי פון אַ יאָהר זעכציג, אַ בעל הבית׳טע וועלכע האָט אַלע איהרע יאָהרען שווער געאַרבייט, אַ סך קינדער געהאַט, און פיעל קראַנקהייטען דורכגעמאַכט אויף איהר לעבען, קומט זיך באַקלאָגען אויף אַלגעמיינע שוואַכקייט. זי קאָן ניט טאָן אַפילו אַ צענטעל פון דער מאָס הויז־אַרבייט וואָס זי האָט אַמאָל געקאָנט טאָן. נאָכ׳ן אויפרוימען דאָס הויז, אָפּקאָכען, און טאָן אַנדערע געוועהנליכע טעגליכע אַרבייטען וואָס אַ בעל־הבית׳טע דאַרף טאָן, פילט זי זיך אַזוי אויסגעמאַטערט דאָס זי פאַלט פשוט פון די פיס. דאָס עסען קריכט איר שוין ניט אין האַלז. אויפ׳ן גאַס כאַפּען פרישע לופט האָט זי קיין צייט ניט צו געהן, איז זי פשוט פאַרהונגערט און בלוט אָרעם.

די פרוי זוכט אַ מיטל צו איהר שוואַכקייט, ווייל זי דענקט דאָס זי איז קראַנק. אָבער אַלעס וואָס מיט איהר איז ניט אין אָרדנונג איז וואָס זי זוכט נאָך איצט צו טאָן אַזוי פיעל אַרבייט ווי זי האָט אַמאָל געקענט טאָן. זי קאָן עס מעהר ניט, און ווען זי וועט אויפהערען אַרבייטען אַזוי שווער, ווען זי וועט טאָן נאָר אַזוי פיעל וויפיעל איהרע איצטיגע כחות דערלויבען איהר וועט זי זיין געזונט.

ווען די פרוי זאָל פרעגען: אויב איך בין ניט קראַנק, טאָ וואָרום קאָן איך איצט ניט טאָן אַזוי פיעל אַרבייט ווי איך האָב

אַמאָל געטאָן? וועט דער ענטפער זיין: ניטאָ שוין די אַמאָליגע כחות, ווייל אויף דער עלטער ווערט דער קערפּער, אפילו דער געזונטער קערפּער, אָפּגעשוואַכט. אַ מענטש קאָן דאַרום זיין ניט־קראַנק און דאָך זאָל ער מעהר ניט קאָנען אַרבייטען אַזוי שווער ווי אַמאָל.

און ווען די פרוי זאָל פרעגען: אויב איך זאָל אייך פאָלגען און זיך אָפּרוען, ווען וועל איך צוריק ווערען שטאַרק גענוג צו קאָנען טאָן אַזוי פיעל אַרבייט ווי אַמאָל? וועט דער ענטפער זיין:

אַזוי לאַנג ווי איהר וועט זיך אָפּרוהען און אַרבייטען ווענינער וועט איהר זיך פיהלען געזונט, אַזוי גיך ווי איהר וועט צוריק אָנהויבען אַרבייטען שווער וועט איהר זיך ווידער פיהלען קראַנק.

די זעלבע ענטפערס גילטען פאַר׳ן עלטערען מענשען וועלכער האָט צוקער אין זיין אורין. אויף דער עלטער קאָן דער מענש ניט פאַרנוצען אַזוי פיעל צוקער ווי פריהער. ער קאָן דאַרום זיין אַ ניט־דייעבעטיקער און דאָך ניט קאָנען עסען אַזוי פיעל צוקער שפּייז ווי ער האָט אַמאָל געקאָנט עסען. פּונקט ווי ער מעג, אָדער קאָן זיין ניט־קראַנק און דאָך זאָל ער ניט קאָנען געהן, לויפען, אַרבייטען, זעהן און הערען אַזוי גוט ווי ער האָט אַמאָל געקאָנט.

און דער ענטפער אויף דער צווייטער פראַגע איז דאָס דער מענש וועט זיין פריי פון איבעריגע צוקער אַזוי לאַנג ווי ער וועט עסען די מאָס שפּייז וואָס ווערט פאַר אים באַשטימט, און ער וועט צוריק קריגען זיין צוקער אַזוי גיך ווי ער וועט אָנהויבען עסען מעהר.

דער שלוס פון דעם אַלעמען איז דאָס ניט אַלע מענשען וועלכע האָבען צוקער אין זייער אורין זיינען דייעבעטיקער, און אין אַ גרויסער צאָל פאַלען קאָן מען זיך יאָ אויסהיטען פון דער קראַנקהייט.

רעזומע פון דער פראַגע וואָס קאָן מען טאָן זיך אויסצוהיטען פון קריגען דייעביטיז?

דאָס ערשטע מיטעל איז, נאַטירליך, געבוירען צו ווערען ביי געזונטע עלטערען, וועלכע האָבען ניט אַליין קיין צוקער קראַנקהייט און קומען פון פאַמיליעס וואו עס זיינען ניטאָ קיינע דייעבעטיקער.

אָבער איך האָב מורא, אַז דיזער מיטעל קאָן ניט אַנגעווענדעט ווערען אין די מעהרסטע פאַלען, ווייל קינדער האָבען אַ קליינע דעה אין דעם אויסוואַהל פון די עלטערען ביי וועמען זיי זאָלען געבוירען ווערען.

אַ צווייטער מיטעל איז דאָס קינדער וואָס קומען פון דייעבעטישע עלטערען אָדער אין וועמענס פאַמיליעס עס זיינען דאָ דייעבעטיקער זאָלען אָפּגעהיט ווערען זיי זאָלען ניט זיין צו פעט. ניט עסען צופיעל נאַשערייען, זיך אָפּהיטען ווי ווייט מעגליך פון אינפעקטיווע קראַנקהייטען, און זיך אויסרוהען אַ לענגערע צייט נאָך יעדער פון אַזעלכע קראַנקהייטען.

אַ דריטער מיטעל איז דאָס מיטעליעהריגע מענשען, צי זיי קומען פון דייעבעטישע אָדער ניט דייעבעטישע משפחות, דאַרפען זיך אויסהיטען פון געווינען צופיעל געוויכט אָדער ווערען צו פעט. ניט אלע פעטע מענשען זיינען דייעבעטיקר, אָבער אַ צו פעטער מענש איז מעהר אין געפאַהר צו קריגען די קראַנקהייט ווי אַ מאָגערער.

אַ פערטער מיטעל איז פאַר יעדען דערוואַקסענעם מענשען דורכצומאַכען פון צייט צו צייט, אַ פיזישע אונטערזוכונג, ווי אויך אַ אורין אונטערזוכונג.

דורך אַזעלכע אָפטע אונטערזוכונגען קאָן מען באַצייטענס אויסגעפינען די פריהצייטיגע סמנים פון דייעביטיז און פאַרהיטען אַז די קראַנקהייט זאָל ניט ווערען צו ערנסט.

עס איז דאָ אַן איינרעדעניש ביים עולם, אַז יעדער מענש דאַרף האָבען אַביסעל צוקער, און דערפאַר איז קיין געפאַהר אַז מען געפינט אַביסעל צוקער אין די אורין.

דאָס איז אַ פאַלשע איינרעדעניש. אין דעם בלוט דאַרף יעדער מענש האָבען איין צענטעל פון איינס פּראָצענט צוקער.

אָבער די אורין פון א נאָרמאַלען מענשען דאַרף זיין פריי פון צוקער. און אויב מען געפינט יאָ צוקער, ווי ווייניג דאָס זאָל ניט זיין, דאַרף מען זוכען אויסצוגעפינען פון וואַנען עס קומט און צי דער מענש ליידעט ניט פון דייעביטיז.

דר. ב. דובאָווסקי

# וואָס צו טאָן ווען מען האָט די צוקער קראַנקהייט

וואָס דאַרף טאָן איינער וועלכער געפינט אויס אַז ער איז אַ דייעבעטיקער?

ערלויבט מיר צו אילוסטרירען דעם ענטפער מיט א ביי־שפּיעל:

שטעלט זיך פאָר דאָס אַ מענש איז באַשעפטיגט אין אַ פעקטאָרי, אין אַן אָפיס, אָדער אַלס אַ פּראָפעשאָנאַל. ער פאַר־דינט אַ סך געלד, און לעבט אויף אַ ברייטען אופן, אויסגעבענ־דיג א היבשע סומע געלט אויף זיינע הוצאות.

מיט אַמאָל פּאַסירט עפּוואָס און דער מענש פאַרלירט זיין באַשעפטיגונג און זיין איינקונפט ווערט שטאַרק פאַרקלענערט.

וואָס דאַרף דער מענש טאָן?

צוויי אויסוועגען האָט דער מענש פאַר זיך:

1) ער קאָן פאָרטזעצען זיין פריהערדיגען לעבענס שטייגער, אויסגעבען אויף זיינע הוצאות מעהר ווי זיינע נייע פאַר־דינסטען טראָגען, ביסלעכווייז אויסשעפּען זיין אָפּגעשפּאָרטען קאַפּיטאַל און פריער שפּעטער באַנקראָטירען, אָדער

2) ער קאָן פאַרקלענערען זיינע הוצאות, זיי צופּאַסען צו זיינע נייע, פאַרקלענערטע פאַרדינסטען און ווייטער לעבען אין דער זעלבער זיכערקייט ווי פריער.

אָט פונקט אַזוי איינפאַך איז דאָס פּראָבלעם וואָס יעדער צוקער קראַנקער דאַרף לייזען.

אַ ניט דייעבעטיקער קאָן עסען פיעל מעהר שפּייז וויפיעל ער דאַרף האָבען. אַ צוקער קראַנקער, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, באַזיצט ניט די דאָזיגע פעהיגקייט. זיין קער־פּער קאָן פאַרנוצען וועניגער שפּייז.

דער דייעבעטיקער געפינט זיך דארום אין דער זעלבער לאַגע ווי דער מאַן, אין אונזער ביישפיעל, וואָס פאַרדינט ווייניגער ווי ער האָט פריער פאַרדינט. אויך דער דייעבעטיקער האָט פאר זיך אַן אויסוואַהל פון איינעם פון צוויי וועגען:

1) ער קאָן איגנאָרירען זיין צושטאַנד און ווייטער עסען וואָס און וויפיעל אים ווילט זיך. זיין לאַגע וועט נאַטירליך ווע־רען וואָס אַמאָל ערגער, ביז ער וועט ווערען ערנסט קראַנק, זיין געזונד וועט רואינירט ווערען און זיין לעבען וועט פאַרקירצט ווערען. אָדער,

2) ער קאָן אויסגעפינען גענוי אויף ווי ווייט זיין פעהיגקייט צו פאַרנוצען שפייז איז פאַרקלענערט געוואָרען און צופאַסען זיין דיעטע צו זיינע פאַרקלענערטע מעטאַבאָלישע פעהיגקייטען. אויב ער טוט דאָס איז דער צוקער קראַנקער ניט ערגער ווי דער ניט־דייעבעטיקער. ער קאָן אויסלעבען אַלע זיינע יאָהרען אָדער אפשר נאָך לעבען לענגער ווי דער ניט דייעבעטיקער.

אויב די מאָס שפייז וואָס דער צוקער קראַנקער קאָן פאַר־נוצען איז גענוג פאַר זיינע נויטען איז די דיעטע אַליין גענוג פאַר אים. אויב ניט קאָן מען מיט דער הילף פון אינסולין אים העלפען צו פאַרנוצען אזוי פיעל שפייז וויפיל ער מוז פאַרנוצען כדי צו זיין געזונד.

די הויפט קראַנקהייט פון א דייעבעטיקער באַשטייט אין דעם, וואָס זיין קערפּער קאָן ניט פאַרנוצען, אָדער מעטאַבאָלי־זירען, אַזוי פיעל שפייז ווי ער האָט פריהער געקאָנט, און די הויפט פראַגע פאַר יעדען צוקער קראַנקען איז וויפיעל שפייז ער מעג עסען.

דאָס איז אויך די ערשטע פּראָבלעמע, וואָס דאַרף געלעזט ווערען אין דער באַהאַנדלונג פון דייעבעטיקער.

דר. ב. דובאָווסקי

# וויפֿיעל דאַרף אַ דייעבעטיקער עסען?

די מערסטע מענשען ווייסען ניט, אָדער זיי פֿאַרגעסען דעם פֿאַקט, אַז דאָס עסען איז ניט קיין ציעל פֿאַר זיך אַליין, נאָר אַ מיטעל אויפֿצוהאַלטען דעם קערפּער אין אַ געזונטען און אין אַן אַרבייטס־פֿעהיגען צושטאַנד. די מאָס שפּייז דורך וועלכע דער מענש דערגרייכט אָט דעם ציעל, דאָס הייסט די מינימום מאָס שפּייז וואָס איז גענוג אויפֿצוהאַלטען דעם מענשען אין אַ געזונטען און אַן אַרבייטס־פֿעהיגען צושטאַנד, איז די ריכטיגע מאָס פֿאַר איהם. אויב ער עסט מעהר, איז עס אַן אומזיסטע פֿאַרשווענדעריי און אין מאַנכע פֿאַלען קאָן עס אויך שאַדען דעם קערפּער.

אַ ניט דייעבעטיקער, קאָן אין אַ געוויסען גראַד, עסען פֿיעל מעהר שפּייז ווי ער דאַרף און עס זאָל אים ניט שאַדען. זיין קערפּער ווערט פּטור פֿון דעם איבעריגען עסען, אָדער ער באַהאַלט עס אין זיך אין דער פֿאָרמע פֿון פֿעטס. אָבער פֿאַר אַ צוקער קראַנקען איז דאָס עסען מעהר שפּייז וויפֿיעל זיין קערפּער קאָן פֿאַרנעמען דירעקט שעדליך.

דער ערשטער שריט אין באַשטימען אַ דיעטע פֿאַר אַ דייעבעטיקער איז אויסרעכענען וויפֿיעל שפּייז דער באַטרעפֿענדער מענש דאַרף עסען, אָדער וויפֿיעל ער דאַרף האָבען פֿאַר זיין טאָג־טעגליכער אַרבייט.

שפּייז מעסט מען מיט צוויי מאָסען: 1) מיט דער צאָהל „קאַלאָריס" אָדער „היץ יוניטס", וואָס זי שאַפֿט ווען זי ווערט פֿאַרנוצט אין קערפּער, און 2) מיט דער צאָהל גראַמס פֿון צוקער, פּראָטעין און פֿעטס וואָס די שפּייז פֿאַרמאָגט.

וויפֿיעל „קאַלאָריס" אָדער היץ יוניטס דאַרף דער מענש פֿאַרנוצען יעדען טאָג?

דאָס ווענדעט זיך אָן זיינע יאָהרען, זיין הויכקייט, געוויכט, אַרבייט און אנדערע טעטיגקייטען.

**געוויכט.** — אונטערזוכענדיג צענדליגע טויזענדער געזונטע מענשען פון אַלערליי עלטער און הויכקייט האָט מען צונויפ־געשטעלט געוויסע טאַבעלען, וואָס מען נעמט אָן אַלס דורכ־שניטלעכע געוויכט פאַר נאָרמאַלע מענשען. לויט די דאָזיגע טאַבעלען קומט אויס, אַז:

מענער אין עלטער צווישען פינף און צוואַנציג און פינף און דרייסיג יאָהר, וועלכע זיינען 5 פוס מיט 3 אינטשעס הויך, דאַרפען וועגען צווישען 131 און 132 פונט. פאַר יעדער אינטש, וואָס זיי זיינען העכער פון 5 פוס מיט 3 אינטשעס, דאַרפען זיי וועגען מיט, פון 3 ביז 5 פונט מעהר. און פאַר יעדע פינף יאָהר, וואָס זיי זיינען עלטער פון 30 יאָהר, דאַרפען זיי וועגען מיט פון צוויי ביז פינף פונט מעהר.

לויט דער פאָרמולאַ דאַרף אַ מאַן וואָס איז 40—45 יאָהר אַלט (די דורכשניטליכע עלטער פון אַ צוקער קראַנקען) און איז אַרום פינף פוס מיט פינף אינטשעס הויך, (די דורכשניט־ליכע הויכקייט) וועגען צווישען 146 און 150 פונט.

פרויען פון דער זעלבער הויכקייט און די זעלבע יאָהרען ווי מענער דאַרפען וועגען מיט צוויי ביז פיער פונט ווייניגער ווי מענער.

ווען מען ווייסט ווי אַלט און ווי הויך אַ מענש איז, קאָן מען דאַרום זעהר גרינג אויסגעפינען וויפיעל זיין דורכשניטליך־נאָרמאַלע געוויכט דאַרף זיין.

וויסענדיג וויפיעל דער מענש דאַרף וועגען, קאָן מען זעהר גרינג באַשטימען וויפיעל „קאַלאָריס" אָדער „היט יוניטס" שפייז דער מענש דאַרף פאַרנוצען דורכ'ן טאָג.

ווען אַ מענש וועגט 150 פונט, נויטיגט ער זיך אין אַרום אַכטצעהן הונדערט קאַלאָרים שפייז יעדען טאָג.

אַ דורכשניטליך דערוואַקסענער דייעבעטיקער, וועלכער טוט ניט קיין איבעריגע שווערע אַרבייט, נויטיגט זיך אין אַרום צוועלף קאַלאָרים פאַר יעדען פונט פון אידעאַלער געוויכט (דאָס

הייסט וויפיעל ער דאַרף וועגען, ניט וויפיעל ער וועגט). מאַנכע דאָקטוירים ערלויבען פיעל ווענינער ווי צוועלף קאַלאָרים פאַר יעדען פונט אָדער אַרום דרייסיג קאַלאָרים פאַר יעדען קילאָגראַם געוויכט. אָבער די צוועלף וואָס איך גיב דאָ אָן וועלען זיכער זיין גענוג.

דער צווייטער שריט איז באַשטימען וויפיעל פּראָטעין, צוקער און פעטס דער מענש דאַרף קריגען אין זיין שפּייז דאָס זיי זאָלען צוזאַמען איהם צושטעלען די נויטיגע מאָס קאַלאָרים היץ ענערגיע.

נאָך פיעלע עקספּערימענטען האָט מען אויסגעפונען אַז פאַר א דערוואַקסענעם מענשען איז צווישען פיער און פינף צעהנטעל פון אַ גראַם פּראָטעין פאַר יעדען פונט פון זיין געוויכט גאַנץ גענוג. קינדער וועלכע האַלטען נאָך אין וואַקסען נויטיגען זיך אין אַ גרעסערער מאָס פּראָטעין, ווייל זיי דאַרפען ערשט בויען זייערע קערפּערס, אָבער פאַר א דערוואַקסענעם מענשען איז פון פיער ביז פינף צעהנטעל גראַם פער פונט מעהר ווי גענוג.

אויב אונזער דייעבעטיקער וועגט אַרום 150 פונט, וועט ער זיך נויטיגען אין פון 60 ביז 75 גראַם פּראָטעין.

ווען פּראָטעין ווערט פאַרנוצט אין קערפּער שאַפט עס אַרום פיער קאַלאָרים היץ ענערגיע פון יעדען גראַם. פון די זעכציג גראַם פּראָטעין וועט אונזער פּאַציענט קריגען 240 קאַלאָרים היץ ענערגיע. אין גאַנצען דאַרף ער האָבען 1800 קאַ-לאָרים. 240 קריגט ער פון די פּראָטעין, דאַרף ער קריגען נאָך 1560 קאַלאָרים פון צוקער און פעטס.

די פּראָפּאָרציע פון צוקער און פעטס אין דער דיעטע פון דייעבעטיקער איז נאָך אַלץ ניט קיין פעסטגעשטעלטע. מאַנכע עקספּערטען גלויבען אין געבען מעהר פעטס און ווענינער צו-קער (אָדער קאַרבאָהיידראַט) ווי מען פלעגט עס אַמאָל, פאַר דער אינסולין פּעריאָדע, געבען. אַנדערע ווידער באַנוצען זיך מיט מעהר קאַרבאָהיידראַט ווי פעטס. אין די מערסטע פאַלען

שיינט עס דאָס צוויי מאָל אַזוי פיעל (אין געוויכט) קאַרבאָ־הײדראַט ווי פעטס איז די בעסטע פּראָפּאָרציע.

נעמען מיר אָן די צוויי צו איינס פאָרמולאַ, קאָן מען די 1560 קאַלאָרים צושטעלען פון 180 גראַם קאַרבאָהײדראַט און ניינציג גראַם פעטס.

מיט אַנדערע ווערטער, אָננעמענדיג אַז אונזער טעאָרעטי־שער פּאַציענט איז אַ מיטעל־יעהריגער מענש, וועלכער טהוט ניט קיין שווערע אַרבייט, דאַרף זיין דיעטע באַשטעהן פון 60 גראַם פּראָטעין, 180 גראַם קאַרבאָהײדראַט, דאָס הייסט קראָכ־מאַל און צוקער שפּייז און 90 גראַם פעטס. פון אַזאַ מאָס שפּייז וועט זיין קערפּער קריגען 1800 קאַלאָרים היץ און אַרבייטס ענערגיע.

דאָס איז די מאָס שפּייז וואָס ער דאַרף פאַרנוצען יעדען טאָג. די פראַגע קומט איצט, וויפיעל שפּייז קאָן ער פאַרנוצען, דאָס הייסט ווי גרויס עס איז די שפּייז טאָלעראַנץ פון דעם מענשען.

אויך דאָס קאָן מען גרינג אויסגעפינען. נאָכדעם ווי דער דייעבעטיקער איז אויף דער געגעבענער דיעטע פאַר עטליכע טעג צייט אונטערזוכט מען און מען רעכענט אַרונטער די מאָס צוקער אין זיין אורין פון דער מאָס וואָס ער האָט אויפגענומען אין זיין טעגליכער דיעטע.

וואָס עס בלייבט איז די מאָס וואָס זיין קערפּער האָט פאַר־נוצט אָדער מעטאַבאָליזירט.

ווען מען ווייסט ווי גרויס עס איז די שפּייז טאָלעראַנץ פון דעם צוקער קראַנקען און די מאָס וואָס ער מוז עסען יעדען טאָג, איז שוין ניט אַזוי שווער צונויפצושטעלען פאַר אים די נויטיגע דיעטע.

אין דעם איצטיגער קאַפּיטעל האָב איך געצייגט ווי אַזוי מען רעכענט אויס די מאָס פּראָטעין, קאַרבאָהײדראַט און פעטס וואָס די דיעטע דאַרף ענטהאַלטען, ווי אַזוי מען קאָן דאָס איבער־זעצען אין טערמינען פון שפּייז, ווי ברויט, פּוטער, פלייש, א. ז. וו., וועלען מיר זעהן אין אַ ווייטערען קאַפּיטעל.

# וואָס פאַר אַ דיעטע איז גוט פאַר ליידענדע פון צוקער קראַנקהייט

אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל האָב איך ערקלערט ווי אַזוי מען געפינט אויס וויפיעל שפּייז אַ צוקער קראַנקער קען פאַר־נוצען יעדען טאָג, און וויפיעל ער דאַרף האָבען צו קענען זיין געזונט און אָנגעהן מיט זיין אַרבייט.

אָבער די ווערטער קאַרבאָהיידראַט (מעהל און צוקער שפּייז), פּראָטעין און פעטס, זיינען נאָר אַלגעמיינע טערמינען. אַ מענש עסט ניט קיין ריינע פּראָטעין, פעטס אָדער קאַרבאָ־היידראַט, וועלען מיר איצט זעהן פון וועלכע אַלטעגליכע שפּייז מיר קריגען אָט די דאָזיגע שטאָפען.

**קאַרבאָהיידראַטען**, אָדער מעהל און צוקער שפּייז שטאָפען קריגען מיר פון ברויט, סיריעלס, און אַלערליי געבעקס געמאַכט פון מעהל, ווי לאָקשען, פאַרפעל, א. ז. וו. מיר קריגען עס אויך טיילווייז פון פרוכט און צוביסלעך פון וועדזשעטייבעלס.

**פּראָטעין** קריגען מיר הויפּטזעכליך פון פלייש, פיש, אייער (ספּעציעל די ווייסליכע) און קעז; פעטס קריגען מיר פון פּוטער, קריעם, אויל, מאַיאָנעיז, די פעטס פון פלייש און פיש און פון קעז.

מילך ענטהאַלט אַלע דריי קלאַסען שפּייז שטאָפען און דער־צו אויך אַ געוויסע מאָס מינעראַלע זאַלצען.

עס איז נויטיג צו געדענקען אָט די דריי קלאַסען שפּייז אַר־טיקלען, ווייל זיי קענען ניט פאַרביטען ווערען איינע אויף די אַנדערע. זעהר אָפט פּאַסירט עס דאָס אַ פּאַציענט ערקלערט: „איך האָב ניט געוואָלט עסען קיין איי, האָב איך געגעסען סיריעל אנשטאַט דעם".

אַן איי ענטהאַלט אַרום 13 פּראָצענט פּראָטעין און אַרום 10 פּראָצענט פעטס, סיריעלס ענטהאַלטען אַרום 70 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט (צוקער שפּייז), און אַרום 10 פּראָצענט פּראָטעין.

מען קען דאַרום ניט פאַרבייטען אייער אויף סיריעל, ווייל זיי באַלאַנגען צו צוויי באַזונדערע קלאַסען שפּייז.

אייער באַלאַנגען צו דער פּראָטעין און צו דער פעטס גרופּע. קען מען זיי פאַרבייטען אויף אנדערע שפּייזען וועלכע באַלאַנגען צו דערזעלבער גרופּע ,ווי פלייש, פיש און קעז.

סיריעלס באַלאַנגען צו דער קאַרבאָהיידראַט גרופּע, קען מען זיי פאַרבייטען אויף אַנדערע שפּייזען פון דער זעלבער גרופּע, ווי ברויט, געבעקס פון מעהל, קאַרטאָפּעל, רייז, לאָקשען, א. ז. וו.

איצט לאָמיר אָננעמען אַלס אַ ביישפּיעל דאָס מיר פאַרשרייבען פאַר א דייעבעטיקער אַ דיעטע וואָס זאָל באַשטעהן פון 100 גראַם קאַרבאָהיידראַט, 60 גראַם פּראָטעין און 80 גראַם פעטס.

די דיעטע קען צונויפגעשטעלט ווערען פון די פאָלגענדע דריי מאָלצייטען:

### ברעקפעסט

1. — איין פרוכט (100 גראַם פון די 10 פּראָצענטיגע פרוכט).
2. — אַן אונץ (30 גראַם) ברויט.
3. — צוויי אייער.
4. — אַ טהעע לעפעלע פּוטער.
5. — אַ האַלבע גלאָז מילך.

### דינער

1. — איין פרוכט.
2. — אַ טעלער ריינע זופּ (אויב איהר ווילט, ווייל ריינע זופּ האָט קיין שפּייז ווערט).
3. — פּיער אונצעס (120 גראַם) פלייש, פיש, טשיקען, סעמאָן אָדער סאַרדינס.

4. — אַ פּערטעל פונט (4 אונצעס אָדער 120 גראַם) וועדזשע־טייבעלס.
5. — אַן אונץ (30 גראַם) ברויט.
6. — טהעע (אויב איהר ווילט).

**סאַפּער**

1. — איין פרוכט.
2. — צוויי אונצעס (60 גראַם) קעז.
3. — אַ האַלבע גלאָז (120 גראַם) קריעם (זיסע אָדער זויערע).
4. — אַן אונץ (30 גראַם) ברויט.
5. — אַ טהעע לעפעלע פּוטער.
6. — אַ פערטעל פונט (4 אונצעס אָדער 120 גראַם) וועדזשע־טייבעלס.
7. — אַ האַלבע גלאָז מילך.

די פרוכטען און וועדזשעטייבעלס קענען גענומען ווערען פון דער פאָלגענדער ליסט:

**פרוכט**

איין אָראַנדזש.
אַ האַלב גרייפּפרוכט.
אַ האַלבע באַנאַנע.
אַ קליינעם עפּעל.
אַ האַלבע בארנע.
אַ דין רייפּטעל מעלאָן (אין סיזאָן), אַ האַלבע קאָפּע פאַר־שידענע בערים (אין סיזאָן).
איין קליינע פרישע פּיעטש.

**וועדזשעטייבעלס**

לעטוס.
אוגערקעס.
ספּינאַטש.
קאַליפלאוער.
עגג פלענט.
רהובארב.

שטשאַוו.
סעלערי.
מאַשרומס (שוואָמען).
קרויט.
רעטעך.
סטרינג ביענס — אַרטיטשאָקס.

איך האָב אומיסנע צונויפגעשטעלט די דיעטע פון אַזעלכע שפּייזען וואָס יעדער מענש עסט, און וועלכע מען קען איבעראַל באַקומען. כדי צו פאַרמיידען דעם אויסרייד וואָס מאַנכע דייע-בעטיקער האָבען: „איך קען זיך ניט ערלויבען צו מאַכען מאָל-צייטען, אָדער צו האָבען געמאַכט מאָלצייטען, ספּעציעל פאַר מיר". די אָנגעגעבענע שפּייזען זיינען די זעלבע וואָס אַלע אַנ-דערע מענשען, די ניט דייעבעטיקער, עסען אויך.

די דאָזיגע דיעטע איז אַזוי צונויפגעשטעלט דאָס מען קען זי זעהר גרינג צופּאַסען צו די נויטען פון די באַזונדערע דייעבעטי-קער.

צום ביישפּיעל, אויב דער דאָקטאָר, אונטער וועמענס אויפ-זיכט דער פּאַציענט געפינט זיך, וויל איהם געבען מעהר קאַרבאָ-היידראַט שפּייז (מעהל און צוקער שטאָפען) דאַרף ער נאָר פאַרגרעסערען די מאָס ברויט, אָדער צוגעבען אַ סיריעל צום דייעט. אויב ער וויל פאַרגרעסערען די מאָס פּראָטעין דאַרף ער געבען דעם פּאַציענט אַ גרעסערע פּאָרציע פלייש, פיש אָדער קעז. אויב ער וויל פאַרגרעסערען די מאָס פעטס, דאַרף ער איהם געבען מעהר פּוטער, קריעם, אויל אָדער מאַיאָנעיז.

ווי איהר זעהט, איז עס גאָר ניט אַזוי שווער אָפּצוהיטען אַ ריכטיגע צוגעפּאַסטע דיעטע.

אַ סך מענשען, ספּעציעל דייעבעטיקער, זיינען אונטער דעם איינדרוק, דאָס אַ דיעטע מיינט ספּעציעלע עסענס, און עס אַמוזירט מיך זעהר אָפט ווען איך הער ווי פּאַציענטען בעטען זיך איך זאָל קיין דיעטע פאַר זיי ניט פאַרשרייבען, ווייל זיי גלייכען דאָס ניט. אַ דיעטע קענען זיי ניט האַלטען.

אין דער אמת'ען מיינט אַ דיעטע נאָר אַ געוויסע מאָס

שפּייז. עס קען זיין אַ דיעטע וואָס זאָל ענטהאַלטען מעהר שפּייז ווי דער באַטרעפענדער מענש עסט אָדער אַזאַ וואָס זאָל באַטרעפען ווייניגער שפּייז. אַ דיעטע וואָס זאָל ענטהאַלטען מעהר פון איין סאָרט שפּייז ווי פון אַן אנדערער.

אַ גוט צוגעפּאַסטע דיעטע מיינט אַזאַ ליסט פון שפּייזען וואָס זיינען ספּעציעל צוגעפּאַסט צו די באַזונדערע נויטען פונ'ם באַטרעפענדען פּאַציענט. ווי צום ביישפּיעל, אַ דיעטע אָרים אין צוקער שפּייז פאַר א דייעבעטיקער, אָדער אַ דיעטע אָרים אין פעטס פאַר א מענשען וואָס וויל רעדוצירען געוויכט, אָדער אַ דיעטע זעהר רייך אין פעטס פאַר אַ ליידענדען פון עפּילעפּסיע.

מען דאַרף זיך דאַרום ניט שרעקען פאַר'ן וואָרט דיעטע, ווייל עס איז ניט מעהר ווי אַ ליסט פון שפּייזען. מען דאַרף נאָר אַכטונג געבען אַז די שפּייזען זאָלען זיין צוגעפּאַסט צו די אינדיווידועלע נויטען פונ'ם מענשען פאַר וועלכען דאָס ווערט פאַרשריבען.

אַ סך פּאַציענטען דייעבעטיקער באַקלאָגען זיך, אַז זיי קענען ניט אָפּהיטען די דיעטע וואָס מען פאַרשרייבט פאַר זיי, דערפאַר וואָס עס ווערט זיי נמאס צו עסען יעדען טאָג דיזעלבע שפּייזען.

דאָס איז אַן ערנסטע פראַגע וואָס ריהרט אָן יעדען צוקער קראַנקען, און איך וועל דאָס ברייטער באַטראַכטען אין אַ קומענדען קאַפּיטעל.

# דאַרפען צוקער קראַנקע עסען ספעציעל דייעבעטישע שפייזען?

אַ סך דייעבעטיקער באַנוצען זיך מיט אַ ספעציעלען ברויט, געבעקס, און ספעציעלע דייעבעטישע „קעיק", קענדי און אייז קריעם. מיר קומט אָן אָפטמאָל ניט גרינג צו איבערצייגען אַזעלכע צוקער קראַנקע דאָס זיי דאַרפען ניט די אַלע קאָסט-באַרע, ספעציעל-דייעבעטישע שפייזען, און זיי מעגען עסען די געוועהנליכע עסענוואַרג וואָס אַלע מענשען עסען.

מיט יאָהרען צוריק ווען דאָקטוירים האָבען נאָך ווייניג געוואוסט וועגען דעם ווי אַזוי שפייז ווערט פאַרדייעט און פאַר-נוצט אין קערפער, האָט מען געגלויבט דאָס אַ דייעבעטיקער קאָן ניט פאַרנוצען שפייזען וואָס ענטהאַלטען צוקער אָבער זיי קאָנען יאָ פאַרנוצען, אָן אַ מאָס, שפייזען וואָס זיינען רייך אין פראָטעיִן און פעטס. דערפאַר פלעגט מען האָדעווען די קראַנקע מיט אַ סך אייער, קעז, פלייש, פיש און פוטער.

דער פאַקט, דאָס עסענדיג צופיעל פראָטעיִן און פעטס און צו ווייניג מעהליגע שפייזען האָט פאַרקירצט דאָס לעבען פון אַ צוקער קראַנקען האָט מען צוגעשריבען צום ספעציעלען כאַ-ראַקטער פון דער קראַנקהייט.

גלוטען איז די פראָטעיִן רייכע טייל פון מעהל. עס האָט אַ סך פראָטעיִן און דאַרום ווייניגער קראָכמאַל ווי ווייסע מעהל. דערפאַר האָט מען דערלויבט צוקער קראַנקע צו עסען געבעקס געמאַכט פון פראָטעיִן מעהל.

ביי היינטיגען טאָג ווייסען מיר שוין אַ סך מעהר וועגען די פראָצעסען פון שפייז, פאַרדייאונג, און וואָס עס ווערט פון די פאַרשיידענע עסענוואַרג ווען עס ווערט איינגעזאַפט אין

קערפּער. מיר האָבען אויסגעפונען דאָס העכער אַ העלפט (58 פּראָצענט) פון די פּראָטעין שטאָפען און צעהן פּראָצענט פון די פעטס, אַ חוץ די גאַנצע הונדערט פּראָצענט פון קאַרבאָ־היידראַט (קראָכמאַל) שטאָפען, ווערען פארוואנדעלט אין צו־קער בעת זיי ווערען פאַרדייעט.

אַ צוקער קראַנקער, וועמענס פעהיגקייט צו פאַרנוצען שפּייז איז פאַרקלענערט טאָר דאַרום ניט עסען צופיעל פּראָטעין, ווייל העכער אַ העלפט פון די פּראָטעין ווערט, אין זיין קערפּער, פאַר־וואַנדעלט אין צוקער. דער פאַקט, דאָס גלוטען איז רייך אין פּראָטעין איז דאַרום מעהר קיין תירוץ ניט אַ דייעבעטיקער זאָל עס מעגען עסען וויפיעל ער וויל.

אָבער אין דער אמת׳ן איז גלוטען ברויט ניט פיעל אָרעמער אין קראָכמאַל שפּייז ווי די אַנדערע, געוועהנליכע, ניט דייע־בעטישע ברויטען.

פון דער בראָשורע : „די כעמישע קאָמפּאָזיציע פון אַמערי־קאַנער שפּייז מאַטעריאַלען״, אַרויסגעגעבען פון דעם יונייטעד סטייטס דעפּאַרטמענט אוו אַגריקאַלטשור, נעהם איך אַרויס פאָלגענדע טאַבעלע:

קראָכמאַל (קאַרבאָהיידראַט) אינהאַלט פון פאַרשיידענע סאָרטען ברויט :

בראון ברויט — 47 פּראָצענט.

קאָרן ברויט — 46 פּראָצענט.

רהיי (גערשטען) ברויט — 53 פּראָצענט.

רהיי און ווהיט — 51 פּראָצענט. (אַ געמיש פון גערשטען און ווייץ).

אַלערליי ווייצען ברויט — 54 פּראָצענט.

גאַנצע ווייצען ברויט — 49 פּראָצענט.

ווייסע ברויט — 45 פּראָצענט.

גרעהעם ברויט — 52 פּראָצענט.

גלוטען ברויט — 50 פּראָצענט.

פרענטש ראָלס — 55 פּראָצענט.

וויענער ראָלס — 56 פּראָצענט.

ווי איהר זעהט איז דער אונטערשייד צווישען גלוטען ברויט און געוועהנליכע ברויט זעהר אַ קליינער אין דער מאָס קאַרבאָהיידראַט וואָס עס ענטהאַלט. און ווען איהר גיט נאָך צו דעם צו די עקסטרא מאָס צוקער וואָס עס ווערט געשאַפען פון דער גרויסער מאָס פראָטעין וואָס די גלוטען ענטהאַלט וועט איהר פאַרשטעהן ווי גרויס עס איז דער טעות ווען מען זאָגט, אַז אַ צוקער קראַנקער מעג עסען גלוטען ברויט וויפיעל ער וויל.

דאָס זעלבע איז מיט די אַנדערע דייעבעטישע נאַשערייען. זיי באַשטעהען פון עטוואָס וואָס איז אונפאַרדייליך, פאַרזיסט מיט סאַכאַרין אָדער פון פראָטעין רייכע שפייז. אין ערשטען פאַל איז עס נוצלאָז און עס הייסט נאָר זיך אַליין אָפּגענאַרט, אין צווייטען פאַל פאַרגרעסערט עס די מאָס שפייז וואָס דער מענש עסט און איז דאַרום שעדליך.

אַ דייעבעטיקער איז אַ מענש ווי אַלע מענשען, נאָר זיין פעהיגקייט צו פאַרנוצען שפייז איז פאַרקלענערט געוואָרען. ער מעג דאַרום עסען די זעלבע שפייזען וואָס אַלע מענשען עסען נאָר אין אַ קלענערער מאָס. די גאַנצע מאָס שפייז וואָס דער דייעבעטיקער עסט דאַרף ניט אַריבערשטייגען די מאָס וואָס דער באַטרעפענדער מענש קאָן פאַרנוצען.

וועגען אָט דעם פונקט פון עסען אַלעם זיינען דאָ פאַר־שיידענע מיספאַרשטענדענישען צווישען צוקער קראַנקע. זעהר אָפט, ווען איך פאַרשרייב אַ דייעטע פאַר אַ דייעבעטיקער און צווישען די פאַרשיידענע שפייזען פון וועלכע איך שטעל צונויף די מאָלצייטען רעכען איך אַריין מילך, וואונדערט זיך דער פּאַציענט:

— מילך? מעג איך דען טרינקען מילך?

— און וואַרום ניט? — פרעג איך.

— מילך האָט דאָך צוקער, זאָגט ער. פאַר־די אַלע יאָהרען וואָס איך לייד פון צוקער האָב איך קיין מילך ניט פאַרזוכט.

— עס איז אמת דאָס מילך האָט צוקער, — דערקלער איך איהם. אָבער ברויט האָט אויך צוקער. פרוכטען האָבען אויך צוקער, וועדזשעטייבעלס האָבען צוקער און אייער קערפּער

קריגט צוקער אַפילו פון די פלייש, פיש, קעז און אייער וואָס איהר עסט. יעדע זאַך וואָס איהר עסט שאַפט צוקער אין קערפער.

אַ גלאָז מילך האָט ניט מעהר צוקער ווי צוויי דריטעל אונ־צעס ברויט. אויב דער דייעבעטיקער עסט טעליכע אונצעס ברויט יעדען טאָג, מעג ער גאַנץ דרייסט פאַרבייטען איין אונץ ברויט אויף אַ גלאָז מילך.

דער זעלבער כלל גילט אויך פאַר אַלע אַנדערע שפייזען, איינגעשלאָסען אַזעלכע ווי באַנאַנעס, לאָקשען, רייז, פאַרפעל, מאַקאַראָני און עהנליכע צוקער רייכע עסענוואַרג.

זיי אַלע ענטהאַלטען צוקער אָדער שאַפען צוקער ווען זיי ווערען פאַרדייעט. אָבער דער דייעבעטיקער מוז פאַרנוצען אַ געוויסע מאָס צוקער־שטאָף יעדען טאָג, און עס מאַכט ניט אויס אין וועלכער פאָרמע אָדער פון וועלכע שפייזען ער קריגט די דאָזיגע מאָס צוקער. דער עיקר איז נאָר דאָס אַלע צוזאַמען, דאָס הייסט, די גאַנצע מאָס שפייז וואָס ער פאַרנוצט דורך דעם טאָג זאָל ניט אַריבערשטייגען די מאָס וואָס זיין קערפער קאָן פאַר־נוצען, מיט אָדער אָהן דער הילף פון אינסולין.

אָט דערפאַר בין איך געגען נוצען ספּעציעל דייעבעטישע פּראָדוקטען געמאַכט פון גלוטען מעהל.

אַ דייעבעטיקער איז אַ מענש ווי אַלע מענשען. ער מעג און דאַרף עסען די זעלבע שפייזען וואָס אַלע מענשען עסען נאָר אין אַ פאַרקלענערטער מאָס, אַ מאָס וואָס איז צוגעפּאַסט צו זיינע ספּעציעלע נויטען.

# ווי צוקער קראַנקע קענען בייטען איין סאָרט שפּייז אויף א צווייטע

זעהר אָפט באַקלאָגען זיך צוקער קראַנקע פּאַציענטען דאָס עס ווערט זיי נמאס צו עסען אַלע טאָג די זעלבע שפּייזען, און דערפאַר כאַפּען זיי אַמאָל איבער די מאָס און עסען שפּייזען וואָס זיי איז ניט דערלויבט צו עסען.

אַזאַ קלאַגע קומט דערפון וואָס די דייעבעטיקער ווייסען ניט, אַז זיי קאָנען פאַרבייטען איין שפּייז אַרטיקעל אויף אַן אַנדערען אַזוי לאַנג ווי דאָס אַנדערע שפּייז אַרטיקעל וואָס זיי עסען ענטהאַלט ניט מעהר צוקער שפּייז ווי דאָס וואָס זיי האָבען פאַרביטען. צום ביישפּיעל, איהר קאָנט אויסבייטען איין פּאַפּירענעם דאָלער אויף צוויי האַלבע דאָלארס, פיער קוואָדערס, צעהן דאַימס, צוואַנציג ניקעלס, הונדערט פעניס אָדער אַ קאָמבינאַציע פון מטבעות. אַזוי לאַנג ווי עס באַטרעפט איין דאָלאר מעגט איהר עס נוצען אַנשטאַט דעם פּאַפּירענעם דאָלאַר. און אַזוי איז אויך אויפ'ן פאַרבייטען איין שפּייז אַרטיקעל אויף א צווייטען, אַזוי לאַנג ווי די שפּייז ווערט איז די זעלבע.

אָט לאָמיר נעהמען די פריהער דערמאָנטע דיעטע און זעהן וואָס מען קאָן פון איהר מאַכען.

דאָס ערשטע איז אַ פרוכט, און דער דייעבעטיקער קאָן אויסקלייבען:

איין ארענדזש.

אַ האַלבער גרעיפּ פרוכט, אָדער ניין עס-לעפעל גרעיפּ פרוכט זאַפט.

אַ האַלבער מאַשמעלאָן (5 אינטשעס גרויס).

אַ האַלבע קאָפּע בלעקבערים.

דר. ב. דובאָווסקי

אַ פיערטעל קאָפּע קרענבערים.
1 פּיעטש (פּערשקע).
צוויי־דריטעל קאָפּע 100 גראַם געשניטענע פיינעפּעל.
1 קאָפּע סטראָבערים.
אַרום 6 אונצעס וואָטערמעלאָן.
אַ העלפט פון אַ מיטעל־גרויסען עפּעל.
1 אַפּריקאָט.
אַ האַלבע קאָפּע בלובערים.
7 גרויסע טשערים (וויינשעל).
20—40 גרעיפּס.
א פיערטעל קאָפּע גרעיפּ דזשוס.
אַ האַלבע קאָפּע האָקעלבערים.
1 קליינע באַרנע.
אַ האַלבע קאָפּע ראַזבערים.
אַ האַלבע באַנאַנע.

יעדע פון די דערמאָנטע פרוכטען אין דער אָנגעגעבענער מאָס גיט דעם קערפּער אַרום צעהר גראַם צוקער שפּייז. דער דייעבעטיקער איז דאַרום ניט געצוואונגען צו עסען יעדען טאָג אָן ארענדזש אויב ער וויל עס ניט. האָבענדיג אַזאַ גרויסען אויס־וואַהל פאַר זיך, און וויסענדיג, אַז ער קאָן נוצען אירגענד וועל־כען פון די אויסגערעכענטע פרוכטען און ניט דאַרפען מורא האָבען, טאָמער עסט ער מעהר, קאָן ער זיכער זיך ניט באַקלאָ־גען אין מאָנאָטאָניגקייט, דאָס הייסט אויף מוזען עסען יעדען טאָג די זעלבע שפּייזען.

דער צווייטער „אייטעם” אין דעם ברעקפעסט איז אייער, און א סך פּאַציענטען באַקלאָגען זיך, אַז זיי איז שוין נמאס צו עסען אייער יעדען טאָג.

„איך האָב זיך שוין אַזוי אָנגעגעסען מיט אייער”, האָט איין פּאַציענט זיך באַקלאָגט פאַר מיר, „אַז מיר שיינט, אַז איך וואָלט שוין אַליין געקאָנט לייגען אַן איי”. און עס איז דאַרום קיין וואונדער ניט, וואָס ער האָט אָנגעהויבען עסען סיריעלס אנשטאָט אייער.

אָבער אין דער אמת'ן איז גאָר ניט נויטיג צו עסען יעדען טאָג צוויי אייער. מען קאָן עסען אנדערע שפּייזען וואָס האָבען די זעלבע ווערטה ווי די אייער.

און דאָ האָט איהר אַ ליסט פון וועלכער איהר קאָנט זיך אויסקלייבען פאַרשידענע אנדערע שפּייזען:

צוויי אונצעס ראָוסט ביעף.
צוויי אונצעס ביעף סטעיק.
צוויי אונצעס עוף (טשיקען).
צוויי קליינע לעמב טשאָפּס.
צוויי אונצעס שאָפּענע פליישׁ.
צוויי אונצעס טוירקי.
צוויי אונצעס (צוויי גרויסע אָדער 3 קליינע) סארדינס.
40 גראַם אַמעריקאַן טשיעז.
אנדערהאַלבען אונצעס קאלבס לעבער.
צוויי אונצעס פיש (בעס, קאָד פיש, סעמען, העדאק, אָדער פייק) צוזאַמען מיט צוועלף גראַם פוטער.
4 עס-לעפעל קאַטעדזש קעז מיט 2 עס-לעפעל קריעם, אָדער 4 עס-לעפעל קאַטעדזש קעז מיט 14 גראַם פוטער.

איהר קאָנט זיך אויסקלייבען אירגענד וועלכע פון די דער-מאָנטע אַרטיקלען אנשטאַט די צוויי אייער און איהר מעגט זי-כער זיין, אַז איהר קריגט די זעלבע שפּייז ווערטה.

עסען אַ רייפּטעל (1 אונץ) ברויט מיט יעדען מאָלצייט, ווערט דאַכט זיך קיינעם ניט נמאס. אָבער אויך דאָס איז ניט אַלע מאָל נויטיג און אויך אייך ווילט זיך דאָך פאַרבייטען דאָס ברויט אויף אַן אנדער שפּייז קאָנט איהר דאָס זעהר לייכט טאָן.

איין אוניץ (30 גראַם) ווייסע ברויט איז גלייך אין שפּייז ווערטה צו: 1 אונץ רהיי ברויט.

עטוואָס מעהר ווי 1 אונץ (33 גראַם) גאַנצע ווייצען ברויט.
3 סקווער גרעהעם קראַקערס.
2—3 אָוטמיעל קראַקערס.
6 סאָדא קראַקערס.
אַ דריטעל קאָפּ געקאָכטע „קריעם אָוו והיט", איין קאָפּע

20) גראַם) „קאָרן פלעיקס".
אַ האַלבע קאָפּע געקאָכטע „ראָלד אָוטס".
איין קאָפּע „פּאָפּד רייז".
אַ האַלבע קאָפּע געקאָכטע רייז.
צוויי־דריטעל פון א „שרעדעד ווהיט ביסקיט".
1 קליינע קאַרטאָפעל (3 אונצעס).
צוויי־דריטעל קאָפּע „מעשד" (צוריבענע) פּאָטייטאָס.
איין־דריטעל פון אַ מיטעלמעסיגער „סוויט פּאָטייטאָ".
אַ האַלבע קאָפּע „קענד" געבאַקענע בעבלאַך.
אַ דריטעל קאָפּע פרישע אָדער „קענד" קאָרן.
אַ האַלבע קאָפּע אָפּגעשיילטע בעבלאַך.
1 און אַ האַלבע ארענדזש, אָדער
1 קליינע גרעיפּ פרוכט.

אַלזאָ אויך אינ׳ם פאַל פון ברויט קאָן מען אויספיהרען עסען יעדען טאָג עטוואָס אַנדערש.

מיט אונזער ברעקפעסט זיינען מיר אַלזאָ פאַרטיג. האָבענדיג אַזאַ גרויסען אויסוואַהל פאַר זיך קאָן זיך קיין מענש ניט באַקלאָגען אויף אַ מאָנאָטאָנער דיעטע.

לאָמיר איצט באַטראַכטען דעם צווייטען מאָלצייט, דעם דינער:

דאָס ערשטע געריכט פאַר אונזער צווייטען מאָלצייט איז אַ פרוכט, און איך האָב שוין פריהער אויסגערעכענט צוואַנציג פאַרשיידענע פרוכטען פון וועלכע דער מענש קאָן אויסקלייבען און האָב אָנגעגעבען די מאָס פון יעדער פרוכט וואָס איז גלייך אין איהר שפּייז ווערט צו איין אָרענדזש. עס איז דעריבער ניט נויטיג עס דאָ צו ווידערהאָלען.

דער צווייטער געריכט איז זופּ. ריינע פליישיגע זופּ האָט כמעט קיין שום שפּייז ווערטה ניט. סיידען מען טוט עטוואָס אריין אין דער זופּ און דאַן האָט עס די ווערט פון די וועדזשעטייבעלס אָדער אַנדערע שפּייז אַרטיקלען וואָס ווערען געקאָכט אין דער זופּ.

דער דריטער געריכט איז פלייש. עס זיינען דאָ פאַרשיידענע

סאָרטען פלייש, רינדערנע, קעלבערנע, פלייש פון דערוואַקסענע בהמות און אָקסען, פלייש פון עופות, גענז, קאַטשקעס, אויך פון פאַרשיידענע סאָרטען פיש.

אין דער קליינער מאָס וואָס מען עסט (אומגעפעהר א פערטעל פונט), איז דער אונטערשייד צווישען די פאַרשיידענע סאָרטען פלייש כמעט אן אונבאַדייטענדער. און מען קאָן עסען יעדען טאָג אַן אַנדער סאָרט פלייש, אָדער פיש. אויב די מאָס בלייבט נאָר די זעלבע איז די שפייז ווערטה אויך די זעלבע. אין דער הינזיכט קאָן דער דייעבעטיקער זיך אויך ניט באַקלאָגען אויף מאָנאָטאָניגקייט.

דער פיערטער געריכט איז וועדזשעטייבעלס. א סך דייעבעטיקער באַקלאָגען זיך דאָס זיי עסען אזויפיעל וועדזשעטייבעלס אַז עס ווערט זיי ניט גוט, ווען זיי טראַכטען נאָר אפילו וועגען גרינצייט. אָבער דאָס איז נאָר דערפאַר וואָס זיי באַשריינקען זיך צו אַ צוויי, דריי סאָרטען און עסען אַלע מאָל די זעלבע.

אָט האָט איהר אַ ליסט פון וועדזשעטייבעלס פון וועלכע מען קאָן אויסקלייבען:

קרויט, סעלערי, אוגערקעס, לעטוס, רעטאַך, טאָמייטאָס, בראָקאָלי, אַספּאַראַגוס, גרינע סטרינג בינס, סטשאוו (די גרינס פון בוראַקעס), קאָליפלאוער, עג־פּלענט, מאַשרומס, גרינע ציבעלעס, רהובאַרב, זויער־קרויט און ספּינעטש. די אַלע וועדזשעטייבעלס האָבען כמעט די זעלבע ווערטה און מען קאָן זיי פאַרבייטען איינע אויף די אַנדערע.

און דאָ האָט איהר נאָך אַ קורצע ליסט פון וועדזשעטייבעלס:

בוראַקעס, בריסעל־ספּראוטס, מערען, גרינע „געקענטע” פּיעס און טוירניפּס.

די דאָזיגע וועדזשעטייבעלס ענטהאַלטען צוויי מאָל אַזוי פיעל צוקער שפייז ווי די ערשטע. דאָס הייסט פאַר יעדע הונדערט גראַם טאָמייטאָס אָדער לעטוס, אָדער ספּינעטש, מעג א צוקער קראַנקער עסען פופציג גראַם בוראַקעס (געקאָכטע) אָדער מערען.

דר. ב. דובאָווסקי

מיט אַזאַ גרויסען אויסוואַהל פון וועדזשעטייבעלס איז זיכער ניטאָ וואָס זיך צו באַקלאָגען אויף מאָנאָטאָניגקייט.

די איינציגע אַנדער שפּייז אויף אונזער אָנגעגעבענער דיעטע וואָס איז נאָך געבליבען, איז די קעז מיט די קריעם וואָס איז אָנגעגעבען צו סאַפּער.

דער אויסוואַהל פאַר פרוכט, וועדזשעטייבעלס און ברויט האָב איך שוין פריהער אָנגעגעבען. בלייבט בלויז די קעז מיט קריעם. איז אויב עס ווערט נמאס דאָס צו עסען, זייט אַזוי גוט און קוקט זיך צו וואָס איך האָב אויסגערעכענט (אונטער ברעקפעסט) אַלס „סאָבסטיטוט" פאַר צוויי אייער און איהר וועט געפינען אַז פאַר די קעז מיט קריעם קאָנט איהר נוצען: צוויי קליינע לעמב טשאַפּס, צוויי אונצעס פלייש, פיש אָדער עוף, צוויי אונצעס סאַרדינס, אָדער אָנדער-האַלבען אונצעס קאַלבס לעבער.

ווי איהר זעט, קאָן מען פון דער איינער אָנגעגעבענער דיעטע, מיט דער הילף פון פאַרגלייכונגס ליסטען שפּייז וואָס איך האָב דאָ אָנגעגעבען, צונויפשטעלען צעהנדליגע פאַרשיידענע דיעטעס, עסען יעדען טאָג אנדערע שפּייזען, און דאָך קריגען יעדען טאָג די זעלבע מאָס שפּייז.

מען דאַרף דעריבער נאָר וועלען אָפּהיטען אַ גוט צוגעפּאַסטע דיעטע, עס איז ניט שווער דאָס צו טאָן.

ביז איצט האָב איך גערעדט נאָר וועגען שפּייז פאַר דייעבעטיקער. אויב אַ צוקער קראַנקער קאָן נאָר פאַרנוצען גענוג שפּייז וויפיל ער דאַרף האָבען צו קאָנען זיין געזונט איז טאַקע די דיעטע אַליין גענוג פאַר איהם. אָבער ווען זיין שפּייז וואָס ער קאָן פאַרנוצען איז קלענער ווי די מאָס, וואָס ער מוז פאַרנוצען צו זיין געזונט און שטאַרק, וואָס דאַרף ער דאַן טאָן?

אַמאָליגע יאָהרען האָט מען איהם טאַקע ניט געקאָנט העלפען, אָבער היינטיגע צייטען האָבען מיר א ווירקזאַמען מיטעל — אינסולין — וואָס קאָן העלפען יעדען צוקער קראַנקען עסען אַזוי פיעל וויפיל ער דאַרף. קיין צוקער קראַנקער דאַרף מעהר ניט הונגערען.

# וויטאַמינען און די דיעטעס פאַר דייעבעטיקער

אינ'ם פּראָצעס פון פאַר־ייאונג, ווען די שפּייז וואָס מיר עסען דאַרף פאַרוואַנדעלט ווערען אין טהיילען פון אונזערע קערפּער געוועלבען, און דאָס שאַפען פון ענערגיע פאַר אונזער אַקטיוויטעט, קומען פאָר אַ גרויסע צאָל און פאַרשייי־דענע כעמישע ריאַקציעס.

די שפּייז ווערט אויפגעלעזט. די קאָמפּליצירטע געביי פון די שפּייז טהיילעכלעך ווערען פאַנאַנדערגעטהיילט אין איינ־אַכערע כעמישע גרופּען און קאָמבינירט אין אַנדערע, איינפאַכערע אָדער מעהר קאָמפּליצירטע קאָמבינאַציעס.

כדי די דאָזיגע כעמישע ריאַקציעס זאָלען קאָנען אָנגעהן אויף אַ נאָרמאַלען אופן קומען זיי צוהילף די פאַרשיידענע וויטאַמינען, ספּעציעל די וועלכע ווערען פאַררעכענט אין דרעוויטאַמין־בי־קאָמפּלעקס גרופּע.

די וויטאַמינען ווערען ניט קיין טהייל פון די כעמישע קאָמבינאַציעס, זיי העלפען נאָר אַז די דאָזיגע כעמישע ענדערונגען זאָלען קאָנען פאָרקומען.

ש אַלס פּשוט'ן ביישפּיעל, וואָס זאָל עס מאַכען גרינגער צו פאַרשטיין, דעם ענין קאָן דינען די היץ וואָס מען נוצט ביים באַקען אַ קאַרטאָפעל. די היץ ווערט ניט קיין טהייל פון דער געבאַקטער קאַרטאָפעל, עס דינט נאָר ווי אַ הילף וואָס מאַכט מעגליך עס זאָלען פאָרקומען די ענדערונגען אין דער קאַרטאָפעל. אויף אַן עהנליכען אופן מאַכען די וויטאַ־מינען מעגליך די ענדערונגען וואָס קומען פאָר אין די שפּייז וואָס מיר עסען. זיי ווערען ניט קיין טהייל פון די געענדערטע כעמישע קאָמפּאָזיציעס. זיי העלפען נאָר אַז די ענדערונגען זאָלען קאָנען פאָרקומען.

אינסולין דינט אַזאַ צוועק. מיר ווייסען אַז דאָס ניט האָבען גענוג אינסולין שטערט די פאַרנוצונג פון צוקער שטאָפען אין קערפּער. אויף אַן עהנליכען אופן איז דאָס ניט האָבען גענוג פון די דערמאָנטע וויטאַמינען אַ שטערונג צו דער „מעטאַבאָליזירונג" פון די שפּייז.

עס איז דערפאַר נויטיג פאַר יעדען דייעבעטיקער צו האָבען אַ גענוגענדע מאָס פון וויטאַמינען. אויב אַ צוקער קראַנקער עסט אַ באַשריינקטער מאָס שפּייז ליידט ער זיכער פון אַ דעפיציט אין די וויטאַמינען און עס איז ראַטזאַם פאַר איהם צו נעהמען אַן עקסטראַ מאָס וויטאַמינען אַלס אַ צוגאַב צו זיין שפּייז. די וויטאַמינען פון דער בי־קאָמפּלעקס גרופּע שיינען צו זיין אַם מעהרסטען אַקטיוו אין די פאַרנוצונג, אָדער מעטאַבאָליזירונג פון אונזער שפּייז.

# אינסולין

טראָץ דעם וואָס אינסולין האָט שוין ביז היינט געראַטעוועט טויזענדער לעבענס און האָט פאַרלענגערט דאָס לעבן פון הונ־דערטער טויזענדער צוקער קראַנקע הערשט נאָך אַלץ אַ גרויסע מיספאַרשטענדעניש צווישען פילע דייעבעטיקער וועגן אָט דעם לעבענס רעטענדען מיטעל.

איך ווייס פון אַ סך דייעבעטיקער, וועלכע ציטערען פאַר אינסולין איינשפריצונגען ווי פאַר סם. זיי וועלען ליבערשט ליי־דען, פאַרלירען געוויכט און כחות, זיך אויסזעצען דער געפאַהר פון קריגען אַלערליי קראַנקהייטען אַבי ניט צו נעהמען די איינשפריצונגען. זיי שטעלען זיך פאָר, אַז אינסולין איז ווי אַ „נאַרקאָטישער דראָג" וואָס אויב מען נעמט עס עטליכע מאָל ווערט מען איינגעוואוינט דערצו און מען מוז עס שוין נעמען אַזוי לאַנג ווי מען לעבט און דערפאַר האָבען זיי מורא זיך אָנ־הויבען מיט אינסולין.

פאַראַן אַנדערע ווידער וואָס דענקען, אַז קוים נעמען זיי יעדען טאָג אַן איינשפריצונג פון אינסולין מעגען זיי שוין עסען וואָס און וויפיעל זיי ווילען. זיי באַטראַכטען די אינסולין ווי אַ סאָרט „לייסענס", אָדער דערלויבעניש צו עסען וויפיעל זיי ווילען.

ביידע צדדים זיינען אומגערעכט. און דער צוועק פון דעם קאַפּיטעל איז אויפצוקלערען ביידען זייער מיספאַרשטענדעניש און דערקלערען וואָס אינסולין איז אין דער אמת'ן און ווי אַזוי עס ווירקט.

כדי צו קאָנען פאַרנוצען די שפּייז וואָס מיר עסען מוז דער קערפּער זיך באַנוצען מיט אַ פליסיגקייט וואָס די פּענקריעז דריזע שאַפט. אָט די פליסיגקייט העלפט קאָנטראָלירען דעם

פּראָצעס פון פאַרנוצען צוקער שפּייז וואָס דער לעבער און די מוסקולען פיהרען אָן.

אין אַ נאָרמאַלען מענשען שאַפט די פּענקריעז איהר אינסו־לין בעת דער מענש עסט. און די מאָס אינסולין וואָס די פּינקריעז שאַפט ווענדעט זיך אָן דער מאָס צוקער שפּייז וואָס דער מענש עסט. ווען ער עסט מעהר צוקער שפּייז, פּראָדוצירט די פּענקריעז מעהר אינסולין.

דער רעזולטאַט איז פאָלגענדער : באַלד נאָכ'ן עסען ווערט די גאַנצע מאָס שפּייז, וואָס איז פאַרוואַנדעלט אין צוקער, איינ־געזאַפּט אינם בלוט. דאָס בלוט איז דאַרום רייך אין צוקער באַלד נאָכ'ן עסען. אָבער זעהר גיך, העכסטענס אין אַ שעה אַרום, בלייבט אינ'ם בלוט נאָר די געוועהנליכע מאָס (איין צעהנטעל פון איינס פּראָצענט) צוקער. דאָס איבעריגע ווערט אַרויסגע־צויגען פונ'ם בלוט און אָפּגעלייגט אינ'ם לעבער און אין די מוסקולען.

ווען איינער ליידעט פון דייעבּיטיז האָט עטוואָס פּאַסירט אין זיין קערפּער וואָס באַגרעניצט די מאָס אַקטיווע אינסולין וואָס זיי פּענקריעז דריזע קען שאַפען. צי זיין פּענקריעז דריזע פּראָדוצירט טאַקע וויינינגער אינסולין, אָדער די אינסולין וואָס זי פּראָדוצירט איז וויינינגער אַקטיוו, איז נאָך ניט זיכער. אָבער די מאָס אַקטיווע אינסולין אין אַ דייעבּעטיקער איז באַגרעניצט. און דער רעזולטאַט איז, אַז די מאָס צוקער וואָס זיין לעבער און זיינע מוסקולען קאָנען אַרויסנעמען פון זיין בלוט און פאַרנוצען איז אויך באַגרעניצט.

ווען אַזאַ מענש עסט דאַרום אַ געוויסע מאָס שפּייז, קלייבט זיך אָן אַ סך צוקער אין בלוט. צוליב דער פאַרקלענערטער מאָס אַקטיווע אינסולין וואָס דער מענש פאַרמאָגט, קען ער ניט פאַר־וואַנדלען די גאַנצע איבעריגע מאָס צוקער אין „גלייקאָדזשען". פאַרבלייבט דאַרום אַ צו גרויסע מאָס צוקער אינ'ם בלוט און אַ טייל דערפון געהט אַריבער אין די אורין.

און איצט אַז מיר ווייסען שוין וואָס אינסולין איז און ווי

אַזוי עס ווירקט, לאָמיר זעהן ווען דאַרף אַ דייעבעטיקער נעמען די אינסולין און ווען ניט.

אויב די מאָס אינסולין וואָס די פּאַנקריעז פונ׳ם דייעבעטי־קער אַליין שאַפט איז גענוג ער זאָל קאָנען פאַרנוצען די פאַר־קלענערטע מאָס שפּייז וואָס ער מוז האָבען און ער זאָל ניט האָ־בען קיין צוקער אין די אורין דאַרף דער מענש ניט נעמען קיינע אינסולין איינשפּריצונגען. אָבער אויב די מאָס אינסולין וואָס די פּענקריעז פונ׳ם קראַנקען אַליין שאַפט איז ניט גענוג ער זאָל קאָנען פאַרדייען אַ גענוגענדע מאָס שפּייז נויטיגט ער זיך יאָ אין קינסטלעכע אינסולין. און די מאָס אין וועלכער ער נויטיגט זיך איז די מאָס וואָס איהם פעהלט ער זאָל קאָנען פאַרנוצען די שפּייז וואָס ער מוז עסען.

לאָמיר דאָס אילוסטרירען מיט אַ ביישפּיעל.

א דייעבעטיקער נויטיגט זיך, לאָמיר זאָגען, אין צוויי הונ־דערט גראַם צוקער שפּייז יעדען טאָג ער זאָל זיין געזונט און קאָנען טאָן זיין אַרבייט ווי עס דאַרף צו זיין. אויב ער קאָן פאַר־נוצען צוויי הונדערט גראַם, דאָס הייסט, אויב די מאָס אַקטיווע אינסולין וואָס זיין אייגענע פּענקריעז שאַפט, מאַכט מעגליך פאַר אים צו פאַרנוצען די צוויי הונדערט גראַם צוקער שפּייז, דאַרף דער מענש ניט נעמען קיין אינסולין. אויב ער האָט צו־קער אין זיין אורין ווען ער עסט מעהר, דאַרף מען נאָר פאַר־קלענערען די דיעטע צו די צוויי הונדערט גראַם.

אויב, אָבער, דער מענש האָט אַ סך צוקער אין זיין אורין אַפילו ווען ער עסט ניט מעהר ווי די צוויי הונדערט גראַם צוקער שפּייז, מיינט עס, אַז ער האָט ניט גענוג אייגענע אינסולין און ער מוז האָבען די איינשפּריצונגען.

די קינסטלעכע אינסולין ווירקט אויפ׳ן מענשען קוואַנטי־טאַטיוו. דאָס הייסט, אַגעוויסע מאָס ערמעגליכט דעם מענשען צו פאַרנוצען אַ געוויסע מאָס שפּייז. פינף יוניטס אינסולין מאַכט מעגליך פאַר׳ן מענשען צו פאַרנוצען אַזוי פיעל צוקער שפּייז עקסטרא, ווי עס געפינט זיך, צום ביישפּיעל, אין איין אָרענדזש,

און אַ האַלבער גרעיפּפרוכט, אָדער אין אַ האַלבען אונץ ברויט, ניט מעהר.

איין איינשפּריצונג פון אינסולין איז דאַרום ניט קיין „ליי־סענס" צו עסען וויפיעל מען וויל, ווייל וואָס מעהר עקסטראַ שפּייז מען עסט אַלץ מעהר אינסולין מוז מען נעמען.

אינסולין איז אויך ניט קיין געוואוינהייטס דראַג. עס איז ניט אמת, אַז ווען מען הויבט אָן נעמען אינסולין איינשפּרי־צונגען מוז מען זיי שוין נעמען דאָס גאַנצע לעבען.

שטעלט זיך פאָר, אַז איינער איז קורצזיכטיג און ער טוט אָן ברילען. די ברילען העלפען איהם בעסער זעהן אַזוי לאַנג ווי ער טראָגט זיי. ער קאָן זיי אויסטאָן צו יעדער צייט וואָס ער וויל.

ווען ער טוט זיי אויס פּאַסירט איינס פון די ביידע: אָדער זיינע אויגען זיינען אונטער דער צייט בעסער געוואָרען, און ער קאָן זיך באַגעהן אָן ברילען, אָדער זיי זיינען ניט בעסער געוואָרען און ווען ער טוט אויס די ברילען איז דער מענש אין דער זעלבער לאַגע ווי ער איז געווען איידער ער האָט אָנגעהויבען צו טראָגען די ברילען.

מיינט עס דען, אַז די ברילען זיינען אַ געוואוינהייט און ווען מען טוט זיי אָן מוז מען זיי שוין טראָגען דאָס גאַנצע לעבען? ניין.

און פּונקט אַזוי איז מיט די אינסולין. ווען איינער, וועלכער נעמט אינסולין איינשפּריצונגען הערט אויף זיי צו נעמען, פּאַ־סירט איינס פון די צוויי: אָדער זיין שפּייז טאָלעראַנץ איז פאַר־גרעסערט געוואָרען און ער קען עסען מעהר ווי פריער, אָדער זיין לאַגע האָט זיך ניט פאַרבעסערט. אין דעם פאַל איז דער מענש אין דער זעלבער לאַגע ווי ער איז געווען איידער ער האָט אָנגעהויבען נעמען די אינסולין. דער אונטערשייד איז נאָר וואָס אין דער צייט וואָס ער האָט די איינשפּריצונגען גענומען האָט ער געקאָנט עסען מעהר און איז געווען געזונטער.

אינסולין ווירקט נאָר ווען מען נעמט עס דורך איינשפּרי־צונגען אונטער דער הויט. יעדער פאַרזוך צו געבען אינסולין

אויף אַן אַנדער שטייגער האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס ניט דער־פאָלגרייך. אינסולין ווירקט ניט ווען גענומען אויף אַן אַנדער אופן.

עס זיינען אויך דערווייל ניטאָ קיין שום פּילען וואָס זאָלען קאָנען פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אינסולין. אַלע אינסולין פּילען וואָס ווערען פאַרקויפט זיינען נוצלאָז און ווירקען ניט.

רעזומע: אינסולין איז אַ לעבענס־רעטענדעס מיטעל פאַר די וועלכע נויטיגען זיך אין דעם. די דייעבעטיקער וועמענס פּענקריעז שאַפען נאָך גענוג אייגענע אינסולין זיי זאָלען קענען פאַרנוצען יעדען טאָג די מאָס שפּייז אין וועלכער זייער קערפּער נויטיגט זיך, זיי דאַרפען ניט די איינשפּריצונגען פון קינסט־ליכע אינסולין. די וועלכע קאָנען שוין ניט פאַרנוצען גענוג שפּייז וויפיעל זיי מוזען האָבען, די קאָנען זיך אָהן קינסטליכע אינסולין ניט באַגעהן.

אינסולין העלפט אַזאַ דייעבעטיקער צו קאָנען עסען גענוג און זיין אַ געזונטער מענש. אינסולין ווירקט נאָר ווען מען נעמט עס דורך אַן איינשפּריצונג אונטער דער הויט. גענומען אויף אַן אַנדער אופן ווירקט עס ניט.

עס איז ניט קיין געוואוינהייטס דראָג, און די וואָס נויטיגען זיך אין די איינשפּריצונגען דאַרפען זיך ניט שרעקען דאָס צו נעמען.

# פאַרשיידענע סאָרטען אינסולין

צווישען צוקער קראַנקע וועלכע מוזען נעמען אינסולין איינ־שפּריצונגען הערשט אַ היבשע צומישעניש און אַ מיספאַרשטענ־דעניש אין באַצוג צו די פאַרשיידענע סאָרטען אינסולינס וואָס ווערען היינט גענוצט אין דער באַהאַנדלונג פון דייעביטיז.

אַמאָל האָט מען געוואוסט נאָר פון איין סאָרט אינסולין. עס זיינען געווען פאַרשיידענע גראַדען פון אינסולין קאָנצענט־ראַציעס. צום ביישפּיעל: אין „יו—10" אינסולין האָט יעדער קיוביק סענטימעטער (אַ פיערטעל טיי לעפעלע) פון דער פלי־סיגקייט צעהן יוניטס. „יו—20" אינסולין ענטהאַלט צוויי מאָל אַזוי פיעל יוניטס אין דער זעלבער מאָס פליסיגקייט, אין „יו—40" — פיער מאָה אַזוי פיעל, א. ז. וו.

עס זיינען דאַרום געווען און עס זיינען נאָך איצט דאָ די פאַרשיידענע קאָנצענטראַציעס פון אינסולין, אָבער דער כאַראַק־טער און די ווירקונג פונ׳ם אינסולין איז געווען איינער און דער זעלבער, וועלכען סאָרט מען זאָל ניט געווען נוצען.

מען האָט נאָר געדאַרפט וויסען וויפיעל יוניטס אינסולין אַ קראַנקער האָט געדאַרפט נעמען יעדען טאָג. פון וואָס פאַר אַ קאָנצענטראַציע אינסולין ער האָט די יוניטס גענומען האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד.

ביי היינטיגען טאָג אָבער, האָבען מיר, אַ חוץ דעם גע־וועהנליכען אינסולין אויך „פּראָטאַמין אינסולין" אָדער „פּראָ־טאַמין—זינק—אינסולין", „קריסטאַלין—אינסולין", גלאָבין—אינסולין", און פאַרשיידענע אַנדערע סאָרטען וועלכע זיינען נאָך ניט אין דעם אַלגעמיינעם געברויך.

וואָס זשע איז דער אונטערשייד צווישען די פאַרשיידענע סאָרטען אינסולין? ווי אַזוי אונטערשיידען זיי זיך איינער פון

אַנדערען, און ווען דאַרף מען נוצען איין סאָרט אין פאַרצוג צו אַן אַנדערען?

צו קענען ענטפערען אויף די אַלע פראַגען דאַרף מען זיך פריהער באַקענען מיט דער ווירקונג וואָס די פאַרשיידענע פאַר־מען פון אינסולין האָבען אויפ׳ן פאַרברויך פון צוקער־שפּייז אין אונזער קערפּער.

דער געוועהנליכער, ביז איצט גענוצטער אינסולין, ווערט שנעל איינגעזאַפּט אין קערפּער. פון אַ האַלב ביז איין שטונדע, נאָכדעם ווי מען שפּריצט אַן די אינסולין אין קערפּער איבט זי אויס איהר גרעסטע ווירקונג. דאָס הייסט: די באַשטימטע מאָס צוקער פונ׳ם בלוט וואָס די אינסולין קען העלפען פאַרנו־צען ווערט אין דער צייט פאַרנוצט. אַרום פיער שטונדען נאָך דער איינשפּריצונג איז די ווירקונג שוין אינגאַנצען פאַראיבער.

אַן איינשפּריצונג פון אינסולין ווירקט דאַרום נאָר פאַר איין מאָלצייט. צום צווייטען מאָלצייט, אין פיער שטונדען אַרום איז אין קערפּער מעהר ניטאָ פון די איינגעשפּריצטע אינסולין.

אַן ערנסטער דייאַבעטיקער נויטיגט זיך דאַרום אין אינ־סולין איינשפּריצונגען בעפאָר יעדען מאָלצייט, אָדער אַרום דריי און אָפּטמאָל פיער איינשפּריצונגען אַ טאָג.

די ווירקונג פון געוועהנליכע אינסולין קען פאַרגליכען ווערען צו אַ שטרוי פייער, עס פלאַקערט שנעל אויף, שאַפט באַלד די גאַנצע מאָס היץ וואָס עס קען שאַפען און ברענט גיך איבער.

אין יאָהר 1935, האָט דר. העגענדאָרן, אין דענמאַרק, עקס־פּערימענטירט מיט פאַרשיידענע מאָדיפיקאַציעס פון אינסולין. אין אַ פאַרזוך צו פאַרלענגערען איהר ווירקונג פאַר מעהר ווי עטליכע שטונדען, און ער האָט אויסגעפונען אַז ווען מען גיט צו צום געוועהנליכען אינסולין, אַ קליינע מאָס פון אַ געוויסען כעמישען שטאָף „פּראָטאַמין״, ווערט דער אינסולין איינגע־זאַפּט אין קערפּער לאַנגזאַמער, זיין ווירקונג קומט ניט אַן אַזוי גיך. דערפאַר אָבער דויערט די ווירקונג לענגער.

עטוואָס שפּעטער האָט מען אין טאָראָנטאָ אוניווערזיטעט

עקספּערימענטירענדיג מיט פאַרשיידענע מעטאַלען אויסגעפונען דאָס ווען מען גיט צו צינק (זינק) ווערט די ווירקונג פונ׳ם אינ־סולין פאַרלענגערט.

פּראָמין־זינק־אינסולין איז דאָרום געוועהנליכער אינסולין מיט אַ צומישונג פון פּראָטאַמין און צינק.

די ווירקונג פון דעם אינסולין איז אַ גאַנץ אַנדערע ווי פון אַלטען. די ווירקונג פון אַן איינשפּריצונג קומט ערשט אין אַרום זעקס ביז צוועלף שטונדען. פאַר דעם מאָלצייט וואָס קומט באַלד נאָך דער איינשפּריצונג האָט דער פּראָטאַמין אינסולין קיין ווירקונג ניט, ווייל דער קערפּער האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט איינצוזאַפּען אַ גענוגענדע מאָס פון דעם אינסולין.

דערפאַר פיהרט מען זיך אַזוי: מען רעכענט אויס וויפיעל יוניטס אינסולין דער רייעבעטיקער דאַרף נעמען פאַר דעם גאַנ־צען טאָג. לאָמיר זאָגען, אַלס אַ ביישפּיעל: 30 יוניטס. איין דריטעל פון דעם, צעהן יוניטס גיט מען איהם פון אַלטען אינ־סולין און צוויי דריטעל, צוואַנציג יוניטס, פון נייעם, פּראָטאַמין אינסולין.ביידע איינשפּריצונגען גיט מען דעם דייעבעטיקער אין דער פריה.

פאַר דעם ערשטען מאָלצייט, ברעקפעסט, ווירקט דער אַל־טער אינסולין. דער פּראָטאַמין אינסולין דאַרף ווירקען פאַר די אַנדערע צוויי מאָלצייטען פון טאָג.

אין דער אמת׳ן איז דאָס אָבער ניט אַזוי. פון ברעקפעסט ביז דינער דויערט נאָר אַרום דריי אָדער פיער שטונדען צייט און אין אַזאַ קורצער צייט זאַפּט ניט איין דער קערפּער גענוג פונ׳ם נייעם אינסולין, דערפאַר געפינט מען אָביסעל צוקער אין די אורין פונ׳ם דייעבעטיקער, וועלכער נעמט דעם נייעם אינ־סולין, פאַר עטליכע טעג נאָכאַנאַנד, ביז עס זאַמעלט זיך אָן אין זיין קערפּער אַ גענוגענדע מאָס פון דעם פּראָטאַמין אינ־סולין.

עס דויערט דאָרום געוועהנליך עטלעכע טעג, אָדער אַ וואָך צייט, ביז מען קען באַשטימען די גענויע מאָס פון נייעם אינסולין וואָס אַ געוויסער דייעבעטיקער דאַרף נעמען, און אין יעדען

פאַל באַזונדער דאַרף מען עקספּערימענטירען עטליכע טעג צייט ביז מען געפינט אויס די גענויע דאָזע און ווען זי צו נעמען.

די נוצען פון פּראָטאַמין אינסולין אָדער איהר פאַרצוג איבער דעם אַלטען, געוויינליכען אינסולין איז וואָס מעהר ווי איין איינשפּריצונג אַ טאָג דאַרף מען דערפון ניט נעמען. די דאָזיגע מעלה וועלען אָפּשאַצען אַממעהרסטען, אַזעלכע דייעבעטיקער וועלכע זיינען איצט געצוואונגען צו נעמען מעהר ווי איין איינ־שפּריצונג אַ טאָג.

גלאָבין־אינסולין איז איצט שוין אויך צו באַקומען. דער אינסולין ווירקט לאַנגזאַמער פון׳ם רעגעלען אינסולין, אָבער ניט אַזוי לאַנגזאַם ווי פּראָטאַמין זינק אינסולין. די ווירקונג פון גלאָבין־אונסולין דויערט אַרום צוועלף שעה צייט.

גלייכצייטיג מיט די עקספּערימענטען פון פּראָטאַמין אינ־סולען זיינען אויך אָנגעגאַנגען, און עס גייען נאָך איצט אויך אָן, עקספּערימענטען מיט אַנדערע סאָרטען אינסולין. אַלע נייע פאָרמען אינסולין באַשטייען פון אינסולין נאָר מיט אַ צומישונג פון עטוואָס וואָס זאָל מאַכען לאַנגזאַמער די איינזאַפּונג פון דעם אינסולין, און זאָל דערמיט פאַרלענגערען זיין ווירקונג.

# וואָס הייסט געגוג עסען?

די מעהרסטע מענשען עסען מעהר ווי זייער קערפּער דאַרף האָבען, כדי צו זיין געזונד און אַרבייטס־פעאיג. אין ניט דייע־בעטיקער איז עס נאָך אַ האַלבע צרה. אָבער אין דייעבטיקער איז דאָס ניט עסען צופיעל איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען צו לעזען.

די מעהרסטע, מיטעל יעהריגע און עלטערע דייעבעטיקער וואָלטען געקאָנט זיין געזונט און שטאַרק און אויסקומען אָהן דער הילף פון אינסולין איינשפּריצונגען, ווען זיי וואָלטען נאָר געוואָלט באַשריינקען זייער דיעטע צו דער מאָס שפּייז, וואָס זייער קערפּער דאַרף האָבען. אָבער צוקער קראַנקע, פּונקט ווי אַלע אַנדערע מענשען, זיינען געוואוינט צו עסען מעהר, און גראַדע ווייל זיי קאָנען ניט אָדער טאָרען ניט עסען אַזוי פיעל שפּייז וויפיעל זיי האָבען פריהער געגעסען, באַנוצען זיך די צו־קער קראַנקע מיט פאַרשיידענע דריידלאַך צו עסען מעהר.

די מעהרסטע דייעבעטיקער טוען עס, ווייל זיי פאַרשטייען ניט דעם גרויסען שאַדען, וואָס זיי פאַראורזאַכען זיך דערמיט. וועל איך דאַרום אייך דערצעהלען וועגען איין פאַל אַזאַ און וועל דערביי אָנצייגען ווי אַזוי און וואַרום איהר זאָלט ניט מאַכען די זעלבע טעות'ן.

דער פּאַציענט, אַ מאַן פון עטליכע און פופציג יאָהר אַלט, פינף פוס מיט פיער אינטשעס הויך, און 185 פונט געוויכט (אַ סך מעהר ווי ער וואָלט געדאַרפט וועגען) איז געקומען זיך באַקלאָגען אויף שמערצען אין אַ פוס.

אַרויסגעצייגט האָט זיך דאָס די בלוט רעהרען אין זיינע פיס זיינען שטאַרק פאַרשמעלערט און ער ליידט פון דער צוקער קראַנקהייט שוין אַ צוועלף יאָהר.

אויסגעפונען דאָס ער האָט צוקער האָט ער ווען ער האָט געוואָלט ווערען א מיטגליד אין אַ „פאראיין”, וואָס צאָהלט קראַנקען בענעפיט. זייט דאַן האָט ער באַזוכט אַ דאָקטאָר דריי מאָל. (דריי מאָל אין צוועלף יאָהר צייט). יעדען מאָל האָט דער דאָקטאָר איהם געזאָגט, אַז ער האָט צוקער און איהם פאַרשריבען אַ דיעטע. נאָר אַזוי ווי עס האָט איהם קיין זאַך ניט וויי געטאָן, און די דיעטעס האָבען איהם געגעבען צו ווייניג שפּייז, האָט ער געגעסען וואָס און וויפיעל ער האָט געוואָלט.

ער טהוט עס איצט אויך. נאָר אַזוי ווי די לעצטע פּאָר מאָנאַטען האָט איהם אָנגעהויבען שטאַרק וויי טאָן זיין רעכטער פוס און ער קאָן שוין ניט ארומגעהן איז ער געקומען איך זאָל איהם העלפען, און ער האָט מיר פאַרזיכערט דאָס אויב ער דאַרף האָבען אַ באַשטימטע „דיעטע” וועט ער עס שוין איצט אָפּהיטען.

איך האָב איהם דערקלערט דאָס צוערשט דאַרף מען אויסגעפינען ווי גרויס עס איז זיין שפּייז-טאָלעראַנץ, דאָס הייסט, וויפיעל שפּייז זיין קערפּער קאָן נאָך פאַרנוצען, און איך האָב איהם פאַרשריבען אַ פּראָבע דיעטע אויף עטליכע טעג צייט.

ווען ער איז געקומען דעם צווייטען מאָל האָט ער זיך באַקלאָגט דאָס ער איז שיער געשטאָרבען פון הונגער. ער האָט קוים דערלעבט דעם צווייטען וויזיט, און ער איז זיכער דאָס איך וועל איהם איצט געבען מעהר צו עסען.

קיין געוויכט האָט ער ניט פאַרלוירען. ער האָט נאָך געוואונען אַ פונט און זיין אורין האָט ענטהאַלטען איין אונץ (30 גראַם) צוקער.

און דאָ הויבט זיך אָן אַ דיסקוסיע צו וועלכער איך וויל איהר זאָלט שענקען אייער אויפמערקזאַמקייט.

דער פאַקט דאָס איהר האָט ניט פאַרלוירען נאָר געוואונען געוויכט, דערקלער איך איהם, מיינט דאָס אייער קערפּער האָט פאַרנוצט גענוג שפּייז. איהר דאַרפט ניט מעהר.

— וואָס הייסט איך דאַרף ניט מעהר ? — טענה'ט ער. —

איך בין דאָך שיער פון הונגער געשטאָרבען. איך פלעג דאָך עסען צוויי מאָל אַזוי פיעל.

— ווען אייער קערפּער וואָלט ניט געקראָגען גענוג שפּייז פון דער דיעטע, זאָג איך, וואָלט ער געמוזט פאַרנוצען אַ טהייל פון אייער אייגענע אָנגעזאַמעלטע פעטס. איהר וואָלט דאַן פאַרלוירען געוויכט. אויב איהר האָט עס ניט פאַרלוירען, מיינט עס, אַז אייער קערפּער האָט געקראָגען גענוג שפּייז וויפיעל ער האָט געדאַרפט האָבען און ער איז ניט געווען געצוואונגען צו נוצען זיין אייגענע פעטס. דערפאַר בין איך זיכער דאָס איהר דאַרפט ניט עסען מעהר.

— דאָס וואָס איהר פיהלט הונגעריג איז ניט קיין באַווייז, אַז איהר עסט ניט גענוג. עס מיינט נאָר דאָס איהר זייט געוואוינט צו עסען מעהר. און איצט זייט איהר נאָך ניט צוגעוואוינט צו עסען ווייניגער. איהר וועט זיך מוזען צוגעוואוינען צו דעם. פריהער פלעגט איהר עסען צופיעל. און אַ טהייל פון אייער שפּייז פלעגען אַרויסגעהן פון אייער קערפּער אַלס צוקער אין אייער אורין. איצט וועט איהר דאַרפען עסען נאָר אַזוי פיעל וויפיעל איהר דאַרפט האָבען, וועט איהר קיין צוקער אין אייער אורין ניט האָבען.

דער פּאַציענט איז ניט געווען שטאַרק צופרידען מיט מיין דערקלערונג.

— איידער איך בין געקומען צו אייך האָב איך געהאַט פיער פּראָצענט צוקער אין מיין אורין. איצט האָב איך נאָר איינס פּראָצענט, מעג איך דאָך איצט עסען מעהר, האָט ער געטענה'ט.

— ניין. האָב איך איהם דערקלעהרט. די מאָס צוקער אין אייער אורין איז פאַרקלענערט געוואָרען דערפאַר, וואָס איהר האָט געגעסען וועניגער. אויב איהר וועט איצט אָנהויבען עסען מעהר וועט די מאָס צוקער אין אייער אורין צוריק ווערען גרע־סער. דערצו דאַרפט איהר פּטור ווערען פון דעם ביסעל צוקער, וואָס איהר האָט נאָך איצט. אייער אורין דאַרף זיין אינגאַנצען פריי פון צוקער.

— נו, און אַז איך וועל זיין פריי פון איבעריגע צוקער וועל איך קאָנען עסען מעהר ? — האָט ער געפרעגט.

— נאָך אַלץ ניט. אויב אייער דיעטע וועט רעגולירט ווערען אַזוי דאָס אייער אורין זאָל ווערען פריי פון איבעריגע צוקער, וועט זי בלייבען פריי פון צוקער נאָר אַזוי לאַנג ווי איהר וועט עסען די באַשטימטע מאָס שפּייז. וועט איהר צוריק אָנהויבען עסען מעהר וויפיעל אייער קערפּער קאָן פאַרנוצען וועט איהר צוריקקריגען צוקער אין אייער אורין.

ערלויבט מיר דאָס צו אילוסטרירען מיט אַ ביישפּיעל. לאָמיר זאָגען דאָס איהר פאַרדיענט פינף און צוואַנציג דאָלאר אַ וואָך און אייערע אויסגאַבען זיינען 35 דאָלאר אַ וואָך. אייך פעהלט דאַרום יעדע וואָך צעהן דאָלאר. ווען מיר אַרבייטען אויס אַ בודזשעט אַזוי דאָס אייערע הוצאות זאָלען פאַרקלענערט ווערען מיט צעהן דאָלאר, וועט אייך מעהר קיין געלד ניט אויספעהלען. אָבער דאָס וועט אָנהאַלטען נאָר אַזוי לאַנג ווי איהר וועט זיך האַלטען ביי די פאַרקלענערטע אויסגאַבען. וועט איהר צוריק אָנהויבען ספּענדען מעהר געלד ווי דער פאַרקלענערטער בודזשעט ערלויבט אייך וועט אייך ווידער אויספעהלען אויף אייערע הוצאות. האָט איהר עס פאַרשטאַנען ?

— און „ביי דהי וויי", איך האָב שיער פאַרגעסען, אייער אורין פאַר 24 שעה צייט האָט געהאַט איין אונץ צוקער. דאַרף מען פאַרקלענערען אייער דיעטע מיט אַזוי פיעל שפּייז, וואָס ענטהאַלט איין אונץ (30 גראַם) צוקער.

— וואָס ? — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן. — איך וועל דאַרפען עסען נאָך ווייניגער ? גאָט איז מיט אייך, ווי אַזוי וועל איך קאָנען אַרבייטען ?

— שרעקט זיך ניט, האָב איך איהם פאַרזיכערט. איך וועל נאָר אַרונטערנעמען די מאָס שפּייז, וואָס איהר האָט סיי ווי פאַרלוירען אַלס צוקער אין אייער אורין. די שפּייז פון וועלכער איהר האָט קיין נוצען ניט געהאַט. די מאָס שפּייז, וואָס אייער קערפּער האָט פאַרנוצט בלייבט די זעלבע.

— איך פאַרשטיי ניט, — האָט דער פּאַציענט געקוועטשט

מיט די פּלייצעס, — וואָס הייסט איך וועל עסען וויניגער און די מאָס שפּייז וועט בהייבען די זעלבע.

טאַ הערט זיך איין, וועט איהר יאָ פאַרשטעהן.

— איך האָב אייך פאַרשריבען אַ דיעטע, וואָס האָט ענט־האַלטען אַ געוויסע מאָס שפּייז, כדי עס צו מאַכען נאָך גרינגער צו פאַרשטעהן לאָמיר זאָגען: צוויי פונט שפּייז.

פון די צוויי פונט האָט אייער קערפּער פאַרנוצט נאָר איינס מיט צוויי דריטעל פונט. איין דריטעל פונט איז אַרויסגעגאַנגען פון אייער קערפּער אין דער פאָרמע פון צוקער אין דער אורין, און אייער קערפּער האָט דערפון קיין שום נוצען ניט געהאַט. די איבערגעבליבענע מאָס, איינס מיט צוויי דריטעל פונט, איז גענוג פאַר אייך. דער באַוויז דערצו איז דאָס איהר האָט קיין געוויכט ניט פאַרלוירען.

וויל איך פון אייער פריהערדיגער דיעטע אַרונטערנעמען איין דריטעל, וואָס איהר האָט סיי ווי פאַרלוירען אַלס צוקער. אייך וועט איבערבלייבען די זעלבע איינס מיט צוויי דריטעל פונט, וואָס אייער קערפּער האָט פריהער פאַרנוצט. פאַרשטעהט איר איצט ווי אַזוי עס איז מעגליך צו פאַרקלענערען די מאָס שפּייז, וואָס איהר עסט און דאָך ניט פאַרקלענערען די מאָס, וואָס אייער קערפּער פאַרנוצט? וואָס איך וויל אַרונטערנעמען איז די מאָס שפּייז, וואָס אייער קערפּער האָט סיי ווי פאַרלוירען און ניט פאַרנוצט.

מיין פּאַציענט האָט עס ניט אַזוי גיך פאַרשטאַנען. איך האָב געמוזט דאָס איהם דערקלערען נאָך עטליכע מאָל און מיט פאַרשיידענע ביישפּיעלען איידער ער האָט געזאָגט דאָס ער פאַרשטעהט עס יאָ.

און ווען ער האָט צוגעגעבען דאָס ער פאַרשטייט עס יאָ האָט ער ערשט געפרעגט:

נו, און אַז איך וועל עסען מיט אַנדערהאַלבען רייפטלאָך ברויט וועניקער, וואָס וועל איך מעגען עסען אַנשטאַט דעם?

וועל איך מעגען עסען אַ סיריעל, אַ קאַרטאָפעל, אַ ביסעל לאָקשען אָדער עטוואָס אַנדערש?

איך וואָלט געמיינט דאָס ער שפּאַסט, אָבער איך האָב גע־הערט די זעלבע פראַגע פון אַ סך דייעבעטיקער און בין גענייגט צו גלויבען דאָס זיי פאַרשטעהען עס טאַקי ניט. אנשטאַט אַ דירעקטען ענטפער האָב איך אים ערקלעהרט:

הערט, שטעלט זיך פאָר דאָס איהר געהט איינקויפען אַ געוויסע צאָל אַרטיקלען און אייך פעהלט אויס עטליכע דאָלאַר. קוק איך איבער די ליסט פון די אַרטיקלען, וואָס איהר ווילט קויפען און נעהם אַרויס פון דער ליסט עטליכע זאַכען, וואָס באַטרעפען פונקט די סומע געלד, וואָס אייך פעהלט אויס. דאָס הייסט, אויב איהר וועט ניט קויפען די עטליכע זאַכען, וועלכע איך האָב אויסגעמעקט פון אייער ליסט וועט איהר האָבען גענוג געלד צו קויפען די איבעריגע אַרטיקלען. פרעגט איהר, אויב איך וועל ניט קויפען די אַרטיקלען וועלכע איהר האָט אויסגעמעקט פון דער ליסט, וואָס קאָן איך קויפען אנשטאַט זיי?

— קויפען מיט וואָס? מיר האָבען דאָך זיי אויסגעמעקט דערפאַר, וואָס איהר האָט קיין געלד ניט געהאַט, היינט מיט וואָס וועט איהר קויפען די אַנדערע אַרטיקלען?

ווען איך נעהם אַרונטער די אַנדערהאַלבען רייפטלאך ברויט פון אייער דיעטע איז עס דערפאַר, וואָס אייער קערפּער קאָן זיי ניט פאַרנוצען. היינט ווי אַזוי קענט איהר עסען אַנדערע מעהליגע שפּייזען אויף זייער אָרט? אויב איהר וואָלט געקאָנט עסען אַנדערע שפּייזען וואָלט דאָך שוין בעסער געווען צו עסען דאָס ברויט.

די אַלע פראַגען זיינען געשטעלט געוואָרען ניט פון איין פּאַציענט. איך האָב צונויפגעקליבען עטליכע פון דער גרויסער צאָהל פראַגען און ענטפערס פון אַ סך פּאַציענטען, כדי צו אי־לוסטרירען די שוועריגקייטען, וואָס דייעבעטיקער האָבען צו פאַרשטעהן און אויספאָלגען די פאָרשריפטען פון אַ דאָקטאָר וועגען זייער עסען און טרינקען. איך האָף דאָס מיר איז געלונ־גען קלאָר מאַכען דעם ענין פאַר אַ געוויסער צאָל פון די לייענער,

און זיי וועלען אויסמיידען די טעות'ן פון די דערמאָנטע פּאַציענ־טען.

ערלויבט מיר צו מאַכען אַ סך הכל וועגען דער שפּייז פראַגע פון דייעבעטיקער.

1) יעדער מענש מוז פאַרנוצען יעדען טאָג אַ געוויסע מאָס שפּייז, כדי צו זיין געזונד און אַרבייטס פעהיג. אויב מען עסט וועניגער פאַרלירט מען געוויכט, ווייל דער קערפּער פאַרנוצט אַ טהייל פון זיינע, פון פריהער אָנגעזאַמעלטע פעטס. אויב מען פאַרלירט ניט קיין געוויכט מיינט עס, אַז מען עסט גענוג.

2) אַ דייעבעטיקער דאַרף עסען די מינימום מאָס שפּייז, וואָס זיין קערפּער דאַרף פאַרנוצען יעדען טאָג. עסען מעהר איז אַ פאַרשווענדעריי, וואָס אַ ניט צוקער קראַנקער קאָן זיך פאַר־גינען, און אַ דייעבעטיקער טאָר זיך ניט ערלויבען.

דער פאַרלאַנג פאַר מעהר שפּייז, ווייל מען איז דערצו גע־וואוינט, איז ניט קיין באַווייז, אַז דער קערפּער נויטיגט זיך אין דעם. אַזוי לאַנג ווי אַ מענש פאַרלירט ניט קיין געוויכט איז די מאָס שפּייז, וואָס זיין קערפּער פאַרנוצט גענוג פאַר איהם. עסען מעהר ווי די דאָזיגע מאָס איז ניט נאָר איבעריג נאָר אויך גאָר שעדליך.

# פעטע דייעבעטיקער

ניט אַלע דייעבעטיקער זיינען פעטע מענשען, אָבער זעהר אַ גרויסע צאָהל פון זיי וועגען מעהר ווי זייער נאָרמאַלע געוויכט וואָלט געדאַרפט זיין.

דר. דזשאָסלין פון באָסטאָן איז פעסט איבערצייגט דאָס פעטקייט איז איינע פון די אורזאַכען פון דער צוקער־קראַנקהייט און אַז יעדער דייעבעטיקער דאַרף וועגען מיט א 15 אָדער 20 פּראָצענט ווייניגער ווי די נאָרמאַלע געוויכט פון אַ דורכשניטליכען נאָרמאַלען מענשען אין זיין עלטער דאַרף וועגען.

אַמאָל, איידער מיר האָבען געקאָנט זיך באַנוצען מיט אינסולין אין דער באַהאַנדלונג פון צוקער־קראַנקע, איז די הונגער־דיעטע וואָס האָט געמאַכט די מענשען פאַרלירען געוויכט טאַקי געווען די אָנגענומענע דיעטע פאַר דייעבעטיקער. אָבער זייט מיר האָבען געקראָגען אינסולין איז אָנגענומען דער כלל צו געבען דייעבעטיקער גענוג צו עסען און ניט לאָזען זיי פאַרלירען געוויכט.

די מעהרסטע געזונטע מיטעל־יעהריגע מענשען וועגען צופיעל, און די מעהרסטע מיטעל־יעהריגע דייעבעטיקער, אפילו די וועלכע מוזען נעהמען אינסולין, וועגען אויך צופיעל.

ניט לאַנג צוריק האָט דר. ל. ה. ניובורג, פון יוניווערזיטי אוו מישיגען מעדיקעל סקול, אין ען אַרבאָר, מישיגען, עקספּערימענטירט מיט אַזעלכע פעטע דייעבעטיקער. ער האָט יעדען פון זיי געגעבען אַ דיעטע אויף וועלכער זיי האָבען פאַרלוירען די איבעריגע געוויכט. און אָט וואָס עס האָט זיך ארויסגעצייגט: ווען די צוקער־קראַנקע האָבען פאַרלוירען זייער פעטס איז זייער שפּייז טאָלעראַנץ פאַרגרעסערט געוואָרען. דאָס הייסט, זיי האָבען געקאָנט עסען מעהר ווי פריהער און זיין פריי פון צוקער אין זייער אורין.

עס שיינט דאַרום דאָס אויב ניט אין אַלע, איז אם ווייניגס־טענס אין אַ גרויסער צאָהל פעטע דייעבעטיקער מעגליך צו פאַרבעסערען זייער צושטאַנד פשוט דורך רעדוצירען זייער געוויכט. אָהן שום אנדערע באַהאַנדלונגעו קאָן זייער איבעריגער צוקער פאַרשווינדען.

לייענט אויך נאָכאַמאָל דאָס קאַפּיטעל: „איז דייעביטיז א אידישע קראַנקהייט?" אין אָנהויב פון דעם בוך און איהר וועט אויסגעפינען אַז די שטערבליכקייט צווישען פעטע דייעבעטי־קער איז אַ סאַך גרעסער ווי צווישען מאָגערע.

פאַר יעדען דייעבעטיקער וועלכער וועגט מעהר ווי זיין נאָרמאַלע געוויכט דאַרף זיין וואָלט זיך געלוינט צו פּרובירען די רעדוצירונגס דיעטע פאַר אַ קורצער צייט און זעהן אויב מען קאָן ניט קאָנטראָלירען זיין צוקער קראַנקהייט אָהן דער הילף פון אינסולין. די האָפנונג צו קאָנען עסען מעהר ווען זיי וועלען וועגען ווייניגער דאַרף זיין גענוג „אינדיוסמענט" פאַר אזעלכע קראַנקע צו וועלען רעדוצירען געוויכט.

# פסח׳דיגע מאכלים פאַר צוקער־קראַנקע

.1

קומט דער יום טוב פסח, לאָזען זיך פרומע אידישע צוקער־קראַנקע וואויל־געהן. א גאַנץ יאָהר מוזען זיי, מעהר אָדער ווענינער, אויספאָלגען די פאַרשריפטען פון דאָקטאָר וועגען זייער דיעטאַ. אמת, מ׳פאָלגט טאַקע ניט אין גאַנצען. מ׳פאַלשעוועט צו אַ ביסעלע,, מען כאַפּט אַן איבעריגען ביסען. אָבער ווען דער דאָקטאָר רעדט אויס אַ פּאַציענט פאַר עסען מעהר ווי איהם איז ערלויבט, אָדער פאַר עסען אַזעלכע שפּייזען וואָס זיינען ניט פאַרשריבען אין זיין דיעטאַ, האָט דער פּאַציענט קיין תירוץ ניט און מוז אָנקומען צום אַלטען פּסוק: „מען איז דאָך ניט מעהר ווי אַ מענש", גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ תירוץ פאַר ניט האָבען גענוג שכל אָפּצוהיטען דאָס אייגענע געזונט!

דערפאַר ווען עס קומט די וואָך פון פסח זיינען אַזעלכע דייעבעטיקער זיך פּשוט מחיה. פסח איז אַ גוטער תירוץ צו עסען וואָס און וויפיל מען וויל; זיי כאַפּען זיך טאַקע צו צו די קניידלאַך, לאַטקעס, מצה און וויין. דער רעזולטאַט דערפון איז, וואָס באַלד נאָך פסח ווערט די לאַגע פון די מעהרסטע אידישע צוקער־קראַנקע פיל ערנסטער ווי פריהער.

איז וועגען אַזעלכע פּאַציענטען אָפּגערעדט. דייעבעטיקער וואָס זוכען נאָר אַן אויסרייד צו עסען מעהר ווי זיי איז ערלויבט, און ווילען ניט, אָדער קאָנען ניט פאַרשטעהן, אַז דערמיט פאַרערגערען זיי זייער צושטאַנד און פאַרקירצערען זייער לעבען, וועט ניט העלפען קיין ערקלערונג, אַז זיי קאָנען אָפּהיטען זייער דיעטאַ פּסח־צייט, ווי אַ גאַנץ יאָהר. זיי ווילען אַ גאַנץ יאָהר אויך ניט אָפּהיטען זייער דיעטאַ.

עס זיינען אָבער דאָ אַ היבש צאָהל דייעבעטיקער, וועלכע היטען זיך יאָ אָפּ מיט זייער עסען, אָבער ווען עס קומט פּסח־צייט, ווייסען זיי ניט וואָס צו טאָן. אָט די דייעבעטיקער — און זייער צאָהל, ווי מיר וועלען באַלד זעהן, איז אַ גרויסע — וויל איך פאַרזיכערען, אַז זיי קאָנען אָפּהיטען זייער דיעטאַ אין דער וואָך פון פּסח, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע וואָכען פון יאָהר, און ניט דאַרפען אָנקומען צו חמץ, אויב זיי ווילען ניט.

די פראַגע פון פּסח׳דיגע דיעטאַס קאָן צוטיילט ווערען אויף צוויי חלקים: ערשטענס — וואָס צו עסען, ווען מען וויל ניט עסען קיין חמץ; צווייטענס — וויפיל צו עסען.

עס איז דאָך פֿאַר קיינעם קיין סוד ניט, אַז די מאָלצייטן וואָס מ'עסט פּסח־צייט זיינען פֿיל רייכער אין שפּייז־ווערט, ווי די מאָלצייטן פֿון אַ גאַנץ יאָהר. די פּסח־וואָך עסט מען פּשוט מעהר ווי געוועהנליך.

די ערשטע העלפֿט פֿון אונזער פּראָבלעם קען מען זעהר גרינג פֿאַרענטפֿערן. די געוועהנליכע דיעטאַ פֿון אַ צוקער־קראַנקען באַשטעהט פֿון: ברויט, מילך, אייער, פּוטער, שמאַלץ, קעז, פּרוכט, גרינסען, זופּ, פֿלייש, פֿיש, עוף, ניס און צייטענווייז אויך סירייעלס (גרױפּען). מיט דער אויסנאַהם פֿון ברויט און סירייעלס, קאָנען אַלע אויבען־אויסגערעכענטע שפּייזען גענוצט ווערען פּסח־צייט, פּונקט ווי אַ גאַנץ יאָהר. מילך, אייער, פּוטער און קעז נוצט מען פּסח־צייט. פֿלייש, פֿיש, עוף און שמאַלץ נוצט מען זיכער אום פּסח. פּרוכט און גרינסען מעג מען אויך נוצען אום פּסח, נאָר אָנשטאָט ברויט און סירייעלס דאַרף מען נוצען מצה און מצה־פֿאַרפֿעל.

ברויט באַשטעהט מעהרסטענס פֿון מעהל און וואַסער. פֿונ'ם מעהל ווערט אין קערפּער געשאַפֿען צוקער. מצה איז אויך געמאַכט פֿון מעהל און וואַסער. נאָר מצה איז געדיכטער פֿון ברויט, ווייל עס האָט ווייניגער לופֿט אין זיך. דערפֿאַר איז אַ געוויסע מאָס מצה, לויט'ן געוויכט, עטוואָס רייכער אין צוקער, ווי דיזעלבע געוויכט ברויט, אָבער דייעבעטיקער מעגען באַנוצען געוועהנליכע מצה אין דער פּראָפּאָרציע וואָס זיי מעגען אַ גאַנצען יאָהר עסען געוועהנליכע ברויט.

די פֿראַגע וואָס צו עסען פּסח־צייט איז דאַרום ניט שווער צו פֿאַרענטפֿערן. ווי מיר וועלען שפּעטער זעהן, קען מען צונויפֿשטעלען גאַנץ גוטע מאָלצייטען פֿון די אויבען־אויסגערעכענטע שפּייזען.

פֿיל ערנסטער איז די פֿראַגע וויפֿל צו עסען, אָדער בעסער געזאָגט, ווי זיך אָפּצוהיטען ניט צו עסען פּסח מעהר שפּייז, ווי עס איז דייעבעטיקער ערלויבט צו עסען אַ גאַנץ יאָהר.

די מעהרסטע מענשען, צווישען זיי אויך די צוקער־קראַנקע, ווילען נאָך אַלץ ניט פֿאַרשטעהן, אָדער קענען ניט שלום מאַכען מיט'ן געדאַנק, אַז עסען איז ניט אַ ציל אַן און פֿאַר זיך, נאָר אַ מיטעל אויפֿצוהאַלטען דעם קערפּער אין אַ געזונטען און ארבייטס־פֿעהיגען צושטאַנד. זיי ווילען ניט פֿאַרשטעהן אַז יעדער מענש דאַרף האָבען אַ באַשטימטע מאָס שפּייז יעדען טאָג. פּונקט ווי עס איז שעדליך פֿאַר אַ מענשען צו עסען צו־ווייניג, ווייל זיין קערפּער קריגט דאַן ניט גענוג נאַהרונג, אַזוי איז שעדליך צו עסען צופֿיל, ווייל דערמיט ווערט דער קערפּער באַשעדיגט.

א יום־טוב ביי אידען מיינט רייכערע און פעטערע מאַלצייטען — מעהר שפּייז, מעהר געטראַנקען, מעהר געהן צו־גאַסט איינער צום אַנדערען. אויפנעמען געסט מיינט זיי געבען צוקער־רייכע נאַשערייען, געטראַנקען. דערביי פלייסען זיך די ווייבער אויסצופיינען איינע פאַר דער אַנדערער מיט דערלאַנגען וואָס מעהר שפּייז. דער רעזולטאַט איז, אַז אום יום־טוב עסען די מעהרסטע אידען צופיל, פיל מעהר ווי זייער קערפּער דאַרף האָבען, פיל מעהר ווי עס איז געזונט פאַר זיי.

איז מיט די וואָס ליידען ניט פון צוקער־קראַנקהייט נאָך א האַלבע צרה. דעם שאָדען, וואָס צופיל שפּייז ברענגט, קאָן מען ביי זיי אזוי גרינג ניט אָנזעהן. נאָר פאַר דייעבעטיקער איז אַזאַ אויפפיהרונג פשוט לעבענס־געפעהרליך.

אַ צוקער־קראַנקער מוז וויסען גענוי וויפיל שפּייז זיין קערפּער קאָן פאַרנעמען און וויפיל ער מוז האָבען אום אויפצוהאַלטען זיין קערפּער אין אַ געזונטען, ארבייטס־פעהיגען צושטאַנד. די מאָס שפּייז וואָס ער עסט יעדען טאָג, דאַרף זיין גענוג פאַר דעם צוועק און ניט מעהר. יעדען ביסען שפּייז, וואָס ער עסט מעהר וויפיל ער דאַרף, איז ניט נאָר אַ פאַרשווענדעריי, ווייל דער קערפּער האָט דערפון קיינע נוצען ניט, נאָר אַ דירעקטער שאָדען פאַר'ן קערפּער. און וועלכער מענש, ביים קלאָרען פאַרשטאַנד, וועט אַבזיכטליך זיך אליין שאָדען?

און וואָס א'ז מכח ווין? די ווינען וואָס מען נוצט פאַר ארבע כוסות האָבען פון פינף ביז צוואנציג פראָצענט צוקער. אַ האַלבע גלאָז ווין קען דאַרום האָבען אזוי פיל צוקער ווי אַן אָרענדזש, אפשר ווי אַ גאַנצע מצה. עס לוינט זיך דאַרום ניט פאַר אַ דייעבעטיקער צו טרינקען ווין, ווייל די מאָס צוקער אינ'ם ווין וועט מען דאַרפען אַרונטעררעכענען פון דער גאַנצער מאָס צוקער, וואָס איהם איז ערלויבט צו עסען.

פאַרזוכען אַ קאַפּיטשקע, טועם טעם זיין פון ווין, מעג מען, אָבער טרינקען ווין לוינט זיך ניט פאַר אַ דייעבעטיקער.

## פּסח'דיגע מאָלצייטען פאַר צוקער־קראַנקע

יעדער צוקער־קראַנקער מוז צוערשט וויסען וויפיל שפּייז ער מעג עסען, ווי גרויס עס איז זיינע שפּייז־טאָלעראַנץ — דאָס הייסט, וויפיל קראָכמאַל און צוקער־שפּייז זיין קערפּער קאָן פאַרנעמען און פאַרנוצען. ערשט ווען ער וועט ווי גרויס עס איז זיין שפּייז־טאָלעראַנץ קען ער זיך אויסקלייבען אַ דיעטאַ, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט פאַר זיינע נויטען.

די שפּייז־טאָלעראַנץ פון אַ צוקער־קראַנקען איז די מאָס צו־
קער וואָס בלייבט איבער אין זיין קערפּער, ווען מען רעכענט אַרונ־
טער די מאָס צוקער אין זיין אורין פון דער מאָס צוקער אין זיין
טעגליכער דיעטאַ.

ניט אַלע דייעבעטיקער זיינען גלייך. ניט אַלע קאָנען פאַר־
נעמען אָדער טאָלערירען דיזעלבע מאָס שפּייז. דער דורכשניטלי־
כער דערוואַקסענער מענש (דייעבעטיקער) דאַרף האָבען פאַר זיין
טעגליכער שפּייז וועניגסטענס: 100 גראַם קאַרבאָהידראַטען, 60,
70 גראַם פּראָטעין, 100 גראַם פעטס.

אויב איינעמס שפּייז־טאָלעראַנץ איז גרעסער, מעג ער עסען
מעהר; אויב קלענער — דאַרף ער עסען די אויבען־אָנגעצייכענטע
מאָס שפּייז און גוט מאַכען דעם דעפיציט אין זיין שפּייז־טאָלעראַנץ
מיט אינסולין. דאָס הייסט, ער דאַרף נעמען גענוג אינסולין, ער זאָל
קענען עסען כאָטש די אויבען־דערמאָנטע מאָס שפּייז.

איך וועל דאַרום אָנגעמען די דיעטאַ: 100 גראַם קאַרבאָהייד־
ראַטען, 60-70 גראַם פּראָטעין און 100 גראַם פעטס אלס אַ מאָס
אין אָנגעגעבען אַכט דיעטאָס, צו דריי מאָלצייטען אין יעדער דיעטאַ,
פאַר דער גאַנצער וואָך פון פּסח.

## דיעטאַ נומער 1

פ ר י ה ש ט י ק:

איין אָדענדוש
צוויי אייער־לאַטקעס מיט
צוויי אונצעס (אַ פערטעל גלאָז) סמעטענע (קריעם)
קאָפע מיט צוויי עס־לעפעל סמעטענע (קריעם).

מ י ט אָ ג:

אַ טעלער זופּ פון עוף, אין וועלכער מען טוט אריין איין
עס־לעפעל מצה־מעהל און איין קניידעל
אַ פערטעל פונט עוף
אָדער פליישׁ
אַ האַלבע קאָפּע געקאָכטע מעערן, פּאַסטערנאַק, א. א. וו.
אַ האַלבע מצה
אַ גלאָז טהעע.

נ אַ כ ט מ אָ ל צ י י ט:

איין קליין געבאַקטען עפּעל
צוויי אונצעס סמעטענע (קריעם)

איין אײ
איין מצה
צװײ לעפעלעך פּוטער
קאַפע מיט צװײ עס־לעפעל סמעטענע (קריעם).

## דיעטאַ נומער 2

פ ר י ה ש ט י ק:
אַ האַלב גרעיפּ־פרוכט
אַ געפּרעגעלטע האַלבע מצה מיט איין אײ
איין לעפעלע פּוטער
אַ גלאָז מילך.

מ י ט אָ ג:
אַ װעדזשעטייבעל זופּ
אַ פערטעל פונט געקאָכטע פיש
איין מיטעלמעסיגע קאַרטאָפעל
אַ האַלבע מצה
אַ גלאָז טהעע.

נ אַ כ ט מ אָ ל צ י י ט:
איין אונץ קעז
אַ האַלבע גלאָז סמעטענע (קריעם)
איין אײ
אַ האַלבע מצה
אַ טהעע־לעפעלע פּוטער
קאַפע מיט סמעטענע (קריעם).

## דיעטאַ נומער 3

פ ר י ה ש ט י ק:
דריי געקאָכטע פלוימען מיט
צװײ אונצעס )אַ פערטעל גלאָז) סמעטענע (קריעם)
איין אײ
אַ האַלבע מצה
אַ האַלבע גלאָז מילך.

מ י ט אָ ג:
אַ טעלער זופּ, מיט איין קניידעל
אַ פערטעל פונט עוף אָדער פלייש

אַ סאַלאַד פון צוויי־דריטעל קאָפּעס סעלערי, לעטוס,
אוגערקעס, טאָמייטאָס
אַ האַלבע מצה
אַ גלאָז טהעע.

נ אַ כ ט מ אָ ל צ י י ט :
אַ מילכיגע באָרטש
אַ האַלבע פערשקע (פּיטש)
אַ פערטעל גלאָז סמעטענע (קריעם)
אַ פערטעל מצה
אַ קאָפּע מיט איין אונץ סמעטענע (קריעם).

## דיעטאַ נומער 4

פ ר י ה ש ט י ק :
אַ געבאַקטען עפּעל
צוויי אונצעס סמעטענע (קריעם)
איין איי (פּיינקוכען)
איין לעפעלע פוטער
אַ האַלבע מצה.
קאָפּע מיט איין אונץ סמעטענע (קריעם)

מ י ט אָ ג :
אַ פליישיגע וועדזשעטייבעל זופּ
אַ פערטעל פונט פלייש אָדער עוף
איין מצה־לאַטקע
אַ האַלבע מצה
צימעס פון איין עפּעל, אָדער דריי פלוימען, אָדער אַ
האַרבע פערשקע.

נ אַ כ ט מ אָ ל צ י י ט :
וועדזשעטייבעלס מיט אַ האַלבער גלאָז סמעטענע (קריעם)
איין איי
איין מצה־לאַטקע
קאָפּע מיט איין אונצי סמעטענע (קריעם).

## דיעטאַ נומער 5

פ ר י ה ש ט י ק :
די זאַפט פון איין אָרענדזש
אַן עס־לעפעל מַצה־פאַרפעל מיט צוויי אונצעס (אַ פערטעל

גלאָז) סמעטענע (קריעם) פאַר די וואָס זיינען גע־
וואוינט צו עסן אַ סיריעל אין דער פריה
איין איי
קאַפע מיט צוויי עס־לעפעל סמעטענע (קריעם).

מיטאג:
אַ זופ פון שטשאַוו
אַ פערטעל פונט פיש
אַ האַלב מיטלעמעסיגע קאַרטאָפעל (50 גראַם)
אַ האַלבע קאַפע גרינע בעבלעך אין שויטען (סטרינג בינס)
אַ האַלבע מצה
3 געקאָכטע פלוימען (ציימעס).

נאכט מאָלצייט:
אַ מילכיגע באָרשט
איין אונץ פאַרמער קעז
צוויי אונצעס סמעטענע (קריעם)
אַ האַלבע מצה
קאַפע מיט צוויי עס־לעפעל סמעטענע.

## דיעטאַ נומער 6

פריהשטיק:
זאַפט פון אַ האַלבע גרעיפ־פרוכט
אַ האַלבע מצה צובראָכען אין שטיקלאַך און געפרעגעלט
מיט איין איי און אַ טהעע־לעפעלע פוטער
אַ גלאָז מילך.

מיטאָג:
אַ זופ פון ספינאַטש
אַ פערטעל פונט פלייש אָדער עוף
איין מצה־לאַטקע
אַ האַלבע קאַפע מעערן און בעבלאַך
אַ האַלבע מצה
אַ גלאָז טהעע.

נאכט מאָלצייט:
איין אונץ קרים־קעז
פיר אונצעס סמעטענע (קריעם)
אַ קליין געבאַקט עפּעל
האַלבע מצה
קאַפע מיט סמעטענע (קריעם).

## דיעטאַ נומער 7

פ ר י ה ש ט י ק:

אַ קליינע גלאָז טאָמייטאָ־זאַפט
צוויי לאַטקעס פון מצה־מעהל מיט צוויי אונצעס סמעטענע
איין איי
קאַפע מיט סמעטענע (קריעם).

מ י ט אָ ג:

ריינע זופ פון עוף מיט איין קניידעל
אַ פערטעל פונט עוף

אַ האַלבע קאַפע ספינאַטש
אַ קליינע פּאָרציע געקאָכטע פרוכט (צימעס)
אַ גלאָז טהעע.

נ אַ כ ט מ אָ ל צ י י ט:

וועדזשעטייבעל זופ
צוויי אונצעס (אַ פערטעל גלאָז) סמעטענע (קרים)
אַ האַלבע מצה
קאַפע מיט איין אונץ סמעטענע (קרים).

## דיעטאַ נומער 8

פ ר י ה ש ט י ק:

איין אָרענדזש, צושניטען אין רייפטלאַך
אַ פיינקוכען פון צוויי אייער
אַ האַלבע מצה
איין לעפעלע פוטער
אַ גלאָז מילך.

מ י ט אָ ג:

אַ מילכיגע וועדזשעטייבעל זופ
אַ פערטעל פונט פיש
אַ סאַלאַד געמאַכט פון לעטוס, טאָמייטאָס, סעלערי,
אוגערקעס, אָליווס (באַגאָסען מיט אַ לעפעלע אָליוו
אויל אָדער אַנדערע פעטס)
אַ האַלבע מצה
צימעס פון עפעל אָדער פלוימען.

נ אַ כ ט מ אָ ל צ י י ט:

אַ מילכיגע שוואָמען זופ

איין מצה־לאַטקע
צוויי אונצעס (אַ פּערטעל גלאָז) סמעטענע (קריעם)
אַ האַלבע מצה
קאַפע און איין אונץ סמעטענע (קריעם).

יעדע פון די אויסגערעכענטע דיעטאַס האָט אַרום הונדערט גראַם קאַרבאָהיידראַטען, אַרום זעכציג גראַם פּראָטעין און אַרום הונדערט גראַם פעטס. די שפּייז־ווערטה פון אַזאַ דיעטאַ איז אַרום 1500 „קאַלאָרים".

אין די דיעטאַס זיינען דערמאָנט שפּייזען, צו וועלכע עס זיינען נויטיג ערקלערונגען ווי אַזוי זיי צוצוגרייטען. וועלען מיר דאָ טאַקע גלייך געבען די געהעריגע אָנווייזונגען.

## וועדזשעטייבעל זופּ

נעמט 15 גראַם (אַ האַלב אונץ) סעלערי, 45 גראַם (אָנדערהאַלבען אונצעס), מעערען, 45 גראַם ציבעלעס, 45 גראַם סטרינג בינס; 45 גראַם גרינע ארבעס (גרין פּיז), 15 גראַם (אַ האַלבען אונץ) שוועריע (40%) סמעטענע, 5 גראַם (טהעע לעפעלע) פּוטער. קאָכט די גרינסען אין אַ קליין ביסעל צוגעזאַלצענע וואַסער ביז זיי ווערען ווייך. גיט צו די „גרין פּיז" און פּוטער, קאָכט נאָך אייניגע מינוטען. איידער איהר סערווירט די זופּ, גיסט צו די סמעטענע. מען קען אויך צוּרייבען די אַרבעס און מאַכען דערפון אַ געדיכטע זופּ.

די שפּייז־ווערטה פון אַזאַ זופּ איז זעהר קליין — 4½ גראַם קאַרבאָהיידראַטען, 2 גראַם פּראָטעין און 10 גראַם פעטס — 120 קאַלאָרים.

אַזאַ זופּ איז אַ מילכיגע און קען גענוצט ווערען מיט אַ מילכיגען מאָלצייט.

מען קען אויך מאַכען אַ פליישיגע וועדזשעטייבעל זופּ, אויף אַזאַ שטייגער:

קאָכט אויף 30 גראַם (איין אונץ) סעלערי, 30 גראַם טאָמייטאָ, 30 גראַם מעערן; 30 גראַם ציבעלעס; 30 גראַם טוירניפּס (ריבען), 30 גראַם סטרינג בינס (גרינע בעבלאך). ווען די וועדזשעטייבעלס זיינען אויפגעקאָכט, גיט צו אַ קאַפע ריינע פליישיגע זופּ.

די ריינע זופּ פון עוף אָדער פלייש האָט כמעט קיין שום שפּייז־ווערט. די ווערט פון דער פליישיגער וועדזשעטייבעל זופּ באַטרעפט: 3 גראַם קאַרבאָהיידראַטען און 1 גראַם פּראָטעין, 16 קאַלאָרים. דאָס איז זעהר ווייניג. עס פאַרגרעסערט די שפּייז־ווערט פון'ם מאָלצייט מיט אַ קלייניגקייט, און דער דייעבעטיקער פיהלט אַז ער עסט עטוואָס מעהר ווי ריינע וואַסערדיגע זופּ.

## מילכיגע באָרשט

נעמט 100 גראַם בוראַקעס, איין געלכעל פון אַן איי, 30 גראַם זויערע סמעטענע, 10 גראַם ציבעלעס, עטוואָס זאַלץ, סאַכאַרין און לימענע־זאַפּט. צושניידט די בוראַקעס און די ציבעלעס, גיט צו די נויטיגע מאָס זאַלץ. קאָכט עס אין וואַסער ביז די בוראַקעס ווערען ווייך. צו מאַכען די זופּ געדיכטער, גיט צו אַ גוט צוקלאַפּטע געלכעל פון איי, גיט אויך צו אַ פּאָר טראָפּענס לימענע־זאַפּט, און סאַכאַרין צו מאַכען די זופּ באַ׳טעמ׳ט. די זויערע סמעטענע גיסט צו איידער איהר סערווירט.

אַזאַ באָרשט האָט פאָלגענדע שפּייז־ווערט: 10½ גראַם קאַר־באָהיידראַטען, 5½ גראַם פּראָטעין און 18 גראַם פעטס. די קאַלאָ־רישע ווערט פונ׳ם באָרשט איז 225 קאַלאָרים.

## פליישיגע באָרשט

150 גראַם (5 אונצעס) בוראַקעס
איין געלכעל פון איי
סאַכאַרין.

צושניידט די בוראַקעס, און קאָכט זיי פאַר אַנדערהאַלבען שטונדען צוזאַמען מיט פלייש און ביינער. גיט צו גענוג זאַלץ און סאַכאַרין צו מאַכען באַ׳טעמ׳ט. גיט צו אַ גוט צוקלאַפּטע געלכעל פון אַן איי, צו מאַכען די זופּ געדיכטער. סערווירט ווען די זופּ איז הייס.

אויב דער דייעבעטיקער עסט פלייש מיט דעם באַטרעפענדען מאָלצייט, קאָן ער עסען דאָס פלייש פונ׳ם באָרשט. אויב ניט, קאָן ער עסען דעם באָרשט אליין.

די שפּייז־ווערטה פון אַזאַ זופּ אָהן דעם פלייש איז: 13 גראַם קאַרבאָהיידראַט, 6 גראַם פּראָטעין און 6 גראַם פעטס. 130 קאַלאָרים.

## ספּינאַטש־זופּ, קרויט־זופּ, שטשאַוו

נעמט 200 גראַם ספּינאַטש, קרויט אָדער שטשאַוו, איין געלכעל פון אַן איי, 30 גראַם זויערע סמעטענע. וואַשט די גרינסען, צו־בראָקט זיי אויף קליינע שטיקלאַך. קאָכט זיי אין צוגעזאַלצענע וואַסער ביז זיי ווערען ווייך. צושלאָגט דאָס געלכעל פון איי און מישט עס אויס מיט די זופּ עס זאָל ווערען געדיכטער. קיהלט אָפּ די זופּ און סערווירט עס קאַלט מיט זויערע סמעטענע.

די אויבען־באַשריבענע מאָס וועדזשעטייבעלס, איי און סמע־טענע זיינען גענוג פאַר צוויי פּאָרציעס זופּ.

די שפּייז־ווערטה פוןביידע פּאָרציעס איז: אַכט גראַם קאַר־באָהיידראַטען, זיבען גראַם פּראָטעין און אַכצעהן גראַם פעטס. 220 קאַלאָרים. איין פּאָרציע באַטרעפט נאַטירליך אַ העלפט פון די דערמאָנטע ווערטהען.

דאָס זיינען מילכיגע זופען. די הויפּט נאַהרונג פון אַזאַ זופּ באַשטעהט אין די פעטס וואָס מען גיט צו. מען קען צוגרייטען די זעלבע ספּינעטש זופּ, קרויט זופּ אָדער שטשאַוו אלס אַ פליישיגע זופּ און די שפּייז־ווערטה וועט דאַן זיין פיל קלענער.

נעמט 90 גראַם קרויט, 45 גראַם טאָמייטאָ, 15 גראַם ציבעלעס. צובראָקט די קרויט און די ציבעלעס און קאָכט זיי אין וואַסער צו־זאמען מיט ביינער און פלייש. גיט דאַן צו די טאָמייטאָס (פרישע, אָדער קאָנסערווירטע) און קאָכט אונגעפעהר אַ האַלבע שטונדע ביז די קרויט איז ווייך. איהר קאָנט דאָס זעלבע טאָן מיט די אַנדערע דערמאָנטע גרינסען, אָנשטאָט קרויט.

די שפּייז־ווערטה פון אַזאַ זופּ איז: 5½ גראַם קאַרבאָהיידראַ־טען און 2½ גראַם פּראָטעין. די היץ־ענערגיע ווערטה איז נאָר 32 קאַלאָרים.

## שוואָמען (מאָשרומס) זופּ

### מילכיגע

נעמט 60 גראַם שוואָמען, 10 גראַם ציבעלעס, אַ האַלב אונץ סמעטענע. צושניידט די שוואָמען און ציבעלעס, קאָכט אין צוגע־זאַלצענע וואַסער ביז זיי ווערען ווייך. סערווירט מיט די סמעטענע.

די שפּייז־ווערטה פון אַזאַ זופּ איז: 4 גראַם קאַרבאָהיידראַטען, 2 גראַם פּראָטעין און 6 גראַם פעטס. 78 קאַלאָרים.

## פליישיגע שוואָמען־זופּ

צושניידט צוויי אונצעס שוואָמען און קאָכט זיי אין אַ ריינער פליישיגער זופּ, אָדער זופּ פון עוף. די שפּייז־ווערטה פון אַזאַ זופּ איז נאָר די ווערטה פון די שוואָמען: 2 גראַם קאַרבאָהיידראַטען און 1 גראַם פּראָטעין. 12 קאַלאָרים.

## אייער לאַטקעס

רייבט אָן אויף אַ ריב־אייזען אַ פערטעל פונט קאַרטאָפעל. וואַשט דורך די אָנגעריבענע קאַרטאָפעל, דריקט אויס דאָס וואַסער, צוקלאַפּט און מישט צו צוויי אייער, אַ ביסעלע זאַלץ, צומישט גוט און פרעגעלט אויף אַ סקאָוואָראָדע אין פּוטער, אָיל אָדער שמאַלץ.

צוטיילט עס אויף דריי לאַטקעס. יעדע לאַטקע האָט: כמעט קיינע קאַרבאָהיידראַטען, נאָר פינף גראַם פּראָטעין און פינף גראַם פעטס.

## קניידלאַך

מישט צונויף צוויי עס-לעפל מצה-מעהל, איין איי, איין לעפעלע פוטער, אויל אָדער שמאַלץ, עטוואָס זאַלץ (מאַנכע גיבען צו אויך אַ ביסעלע וואַסער), פאַרקנעט און צוטיילט אויף דריי קניידלאַך. מען קען זיי קאָכען אין זופ אָדער פּרעגלען אין פעטס. די שפּייז-ווערטה פון יעדען קניידעל איז: צעהן גראַם קאַרבאָהיידראַטען, פינף גראַם פּראָטעין און פיר גראַם פעטס.

## מצה-לאַטקעס

מישט צונויף צוויי עס-לעפל מצה-מעהל אָדער מצה-פאַרפעל, מיט איין איי, איין לעפעלע פעטס און עטוואָס זאַלץ. (אַביסעלע וואַסער אויך, אויב איהר ווילט). צוקלאַפּט דאָס איי, מישט אריין די מעהל, און באַקט אויף אַ הייסער סקאָוואָראָדע אין פעטס. צוטיילט עס אויף דריי לאַטקעס. די ווערטה פון יעדער לאַטקע איז אַרום צעהן גראַם קאַרבאָהיידראַטען, פינף גראַם פּראָטעין און פיר גראַם פעטס.

---

איהר קענט פאַרבייטען דעם סאַפּער פאַר דינער און דעם דינער פאַר סאַפּער אין די טעג, ווען דער אָווענט-מאָהלצייט איז דער הויפּט מאָהלצייט פון טאָג.

ווי איהר זעהט, קען מען עסען כשר'ע פּסח'דיגע מאָהלצייטען און זיך האַלטען אין די ראַמען פון דער אייגענער דיעטע.

דער עיקר איז פריהער אויסגעפינען וויפיעל מען מעג עסען, ווי אַזוי צוזאַמענצושטעלען די דיעטע איז שוין נאָכהער ניט אַזוי שווער.

דר. ב. דובאָווסקי

# וואָס ליידענדע פון דייעביטיז דאַרפען וויסען וועגען שפייז

די מעהרסטע מענשען אינטערעסירען זיך ניט מיט דעם נאהרונגס-ווערט פון די פאַרשיידענע שפייזען, וואָס זיי עסען. אַזוי לאַנג ווי זיי עסען אַ גענוגענדע מאָס פון פאַרשיידענאַרטיגע שפייזען איז דאָס אויך ניט זעהר וויכטיג פאַר זיי.

אַנדערש איז אָבער דער פאַל מיט אַ צוקער קראַנקען. אַ דייעבעטיקער מוז וויסען די ווערטה פון די פאַרשיידענע עסענס, וואָס שטעלען צוזאַמען זיינע טעגליכע מאָהלצייטען, ווייל ער מוז אַכטונג געבען אַז זיי זאָלען איהם געבען די באַשטימטע מאָס שפייז וואָס ער דאַרף האָבען.

לאָמיר דאָס אילוסטרירען מיט אַ ביישפיעל. אַ געוועהנליכער מענש געהט אַריין אין אַ רעסטאָראַנט און עסט אַ קאָמפּאָט. אַזוי לאַנג ווי דער קאָמפּאָט איז געשמאַק איז דער מענש צופרידען, און איהם אינטערעסירט ניט צו וויסען די גענויע פּראָפּאָרציע פון די פאַרשיידענע שטאָפען פון וועלכע דער קאָמפּאָט איז געמאַכט. אָבער דער קוכער, אָדער די פרוי וועלכע דאַרף אַליין צוגרייטען אַזאַ קאָמפּאָט קאָן זיך ניט צופרידען שטעלען מיט דעם פאַקט אַליין וואָס די שפּייז איז א געשמאַקע, נאָר מוז אויך וויסען די גענויע מאָס און פּראָפּאָרציע פון די פאַרשיידענע שטאָפען פון וועלכע דער קאָמפּאָט איז צוזאַמענגעשטעלט.

דער דייעבעטיקער קאָן זיך ניט צופרידענשטעלען מיט דעם וויסען וועלכע שפייזען ער וויל עסען יעדען טאָג. ער מוז זיך אויסלערנען און מוז וויסען וויפיעל נאַהרונגס ווערטה זיין קערפּער קריגט פון די פאַרשיידענע שפייזען וואָס ער עסט.

צו העלפען אין דער אויפגאַבע וועל איך דאָ אַנגעבען כמעט

אַלע שפּייז אַרטיקלען, וואָס אַ דורכשניטלעכער מענש עסט, און וועל זיי גרופּירען לויט דער מאָס צוקער שפּייז, וואָס זיי ענט־האַלטען.

## פאַרשיידענע שפּייזען און די מאָס צוקער וואָס זיי שאַפען אין קערפּער

### גרופּע 1

**רויהע וועדזשעטייבעלס**

קרויט, אוגערקעס, רעטאַך, סעלערי, לעטוס, טאָמייטאָס

**געקאָכטע וועדזשעטייבעלס**

אספּאַראַגאָס (שפּאַרגעל)
בעבלאַך (סטרינג ביענס)
„בראָסעל ספּראַוטס" (בריסעל רויזען קרויט)
קרויט
קאַליפלאַועס (בלומען קרויט)
עג פּלענט (אייער פּלאַנצע)
שוואָמען (מאַשרומס)
רהובארב
זויער קרויט
ספּינאַדזש
גרינס פון בוראַקעס.

די אַלע אויסגערעכענטע וועדזשעטייבעלס האָבען דריי פּראָצענט קאַרבאָהיידראַטען און איין פּראָצענט פּראָטעין. דאָס הייסט, פון הונדערט גראַם (דריי מיט אַ דריטעל אונצעס) פון אירגענד וועלכע פון די אויסגערעכענטע וועדזשעטייבעלס קריגט דער קערפּער דריי גראַם צוקער, איין גראַם פּראָטעין און 16 קאַלאָריס. מען קאָן דאָס דאַרום גאַנץ פריי פאַרבייטען איינעם פון די וועדזשעטייבעלס אויף אַ צווייטען פון דער זעלבער גרופּע. די זעלבע מאָס, אָדער געוויכט, פון די פאַרשיידענע וועדזשע־טייבעלס גיבען די זעלבע מאָס צוקער דעם קערפּער.

## גרופּע 2

## געקאָכטע וועדזשעטייבעלס

בוראַקעס
סקוואַש (קירבעס)
מייערן
טוירניפּ (ריבען)
אָקראַ (אַזאַ גאָרטען פלאַנץ)
ציבעלעס
פּאַמפּקין (קירבעס)
עג-פּלענט

די וועדזשעטייבעלס פון דער גרופּע גיבען דעם קערפּער זעקס פּראָצענט צוקער און איין פּראָצענט פּראָטעין. מיט אַנדערע ווערטער, פופציג גראַם וועדזשעטייבעלס פון דער צווייטער גרופּע זיינען גלייך צו הונדערט גראַם וועדזשעטייבעלס פון דער ערשטער גרופּע.

ווייל מען פאַרבייטען אַ וועדזשעטייבעל פון דער ערשטער גרופּע אויף אַ וועדזשעטייבעל פון דער צווייטער גרופּע, דאַרף מען עסען אַ העלפט פון דער מאָס פון דעם פריהערדיגען וועדזשעטייבעל. האָט מען געגעסען אַ האַלב פונט וועדזשעטייבעלס פון דער ערשטער גרופּע, מעג מען עסען נאָר אַ פערטעל פונט וועדזשעטייבעלס פון דער צווייטער גרופּע.

ווי וויכטיג דער פאַקט איז פאַר יעדען דייעבעטיקער, איז לייכט איינצוזעהן. די מעהרסטע צוקער-קראַנקע זיינען אונטער דעם איינדרוק, דאָס בוראַקעס טאָרען זיי ניט עסען, און זיי וואָלטען זיך געפיהלט גליקליך ווען זיי וואָלטען געקאָנט אַמאָל פאַרזוכען אַ שטיקעל געקאָכטע בוראַק. דאַגעגען עסען זיי אַ סך לעטוס, טאָמייטאָס, א. א. וו. ווען זיי וואָלטען געוואוסט דעם אמת, אַז בוראַקעס (געקאָכטע) האָבען נאָר צוויי מאָל אַזוי פיעל צוקער ווי טאָמייטאָס, סעלערי אָדער קרויט, וואָלטען זיי זיך יאָ ערלויבט דאָס צו עסען, און זייער דיעטע וואָלט געהאַט מעהר פאַרשיידענאַרטיגקייט אַן וואָלט געוועזן ערטרעגליכער.

## גרופּע 3
## וועדזשעטייבעלס

אין דער גרופּע גייען אַריין אַלע אַנדערע וועדזשעטייבעלס, וועלכע זיינען רייך אין קאַרבאָהיידראַטען (צוקער) און וועלכע מען קאָן ניט פאַרבייטען איינע אויף די אַנדערע, סיידען מען רעכענט אויס פריהער די קוואַנטיטעט אַזוי, דאָס די מאָס צוקער בלייבען די זעלבע.

אַרטיטשאָק (אַ וועדזשעטייבעל, וואָס זעהט אויס ווי אַ שישקע), האָט אין 100 גראַמס.

16 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 2 פּראָצענט פּראָטעין, קיין פעטס, 72 קאַלאָרים.

בעבלאַך, געבאַקטע:

17 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 7 פּראָצענט פּראָטעין, 2 פּראָצענט פעטס, 326 קאַלאָרים.

בעבלאַך, טרוקענע:

55 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 22 פּראָצענט פּראָטעין, 2 פּראָצענט פעטס, 350 קאַלאָרים.

פרישע קאָרן:

20 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 3 פּראָצענט פּראָטעין, 1 פּראָצענט פעטס, 101 קאַלאָרים.

פּאַסטערנאַק (פּאַרסניפּ):

12 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 1 פּראָצענט פּראָטעין, קיין פעטס, 52 קאַלאָרים.

אַרבעס (גרין פּיעס):

15 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 1 פּראָצענט פּראָטעין, קיין פעטס, 88 קאַלאָרים.

קאַרטאָפעל:

20 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 2 פּראָצענט פּראָטעין, קיין פעטס, 88 קאַלאָרים.

זיסע קאַרטאָפעל (סוויט פּאָטייטאָס):

26 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 3 פּראָצענט פּראָטעין, קיין פעטס, 176 חאַלאָרים.

## גרופּע 4

## פרוכטען

שוואַרצע יאַגדעס (בלעקבעריס).
מאַך יאַגדעס, ברוסניצעס (קרענבעריס).
גרעיפּ פרוכט.
לעמאָנס.
מאסק מעלאָן (קליינע קירבעסן)
ארענדזשעס
פּיטשעס (פּערסיקעס)
פּיינעפּעל
מאַלינעס (רעסבעריס)
סטראָבעריס (ערדבערען, פּולעניצעס).
וואָטערמעלאָן (קאַוואָן).

די אַלע אויסגערעכענטע פרוכט גיבען דעם קערפּער צעהן פּראָצענט צוקער און איין פּראָצענט פּראָטעין. דאָס הייסט, ווען מען עסט הונדערט גראַם (דריי מיט אַ דריטעל אונצעס) פון אירגענד וועלכע פון די אויסגערעכענטע פרוכט קריגט דער קערפּער צעהן גראַם צוקער און איין גראַם פּראָטעין (44 קאַלאָ־ריס). מען קאָן פאַרבייטען איין פרוכט אויף אַן אנדערער אין דער זעלבער גרופּע, אָדער זאָגאַר אויף אַ וועדזשעטייבעל פון דער ערשטער אָדער צווייטער גרופּע, אויב מען האָט נאָר אין זינען דאָס די פרוכט פון דער גרופּע 4 האָבען אומגעפעהר דריי מאָל אַזוי פיעל צוקער ווי די וועדזשעטייבעלס פון דער ערשטער גרופּע און צוויי מאָל אַזוי פיעל צוקער ווי די וועדזשעטייבעלס פון דער צווייטער גרופּע.

## גרופּע 5

אין דער גרופּע געהען אריין אַלערליי פרוכט וועלכע זיינען רייך אין צוקער.

עפּעל האָבען — אין 100 גראַם:

14 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, קיין פראָטעין, קיין פעטס, 56 קאַלאָרים.

אַפּריקאָט (אזא פלוים):

13 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 1 פראָצענט פראָטעין, קיין פעטס, 56 קאַלאָרים.

באַנאַנאַ:

20 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 1 פראָצענט פראָטעין, קיין פעטס. 84 קאַלאָרים.

קאַרשען (טשערים):

16 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 1 פראָצענט פראָטעין, 1 פראָצענט פעטס. 77 קאַלאָרים.

טייטלען (דעיטס):

70 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 2 פראָצענט פראָטעין, 2 פראָצענט פעטס. 306 קאַלאָרים.

פייגען, טרוקענע:

74 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 4 פראָצענט פראָטעין, קיין פעטס. 322 קאַלאָרים.

וויינטרויבען (גרעיפּס):

19 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 1 פראָצענט פראָטעין, 1 פראָצענט פעטס. 89 קאַלאָרים.

בלויע יאַגדעס (האָקעלבערים):

16 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, קיין פראָטעין, קיין פעטס. 64 קאַלאָרים.

באַרנעס (פּעירס):

14 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, קיין פראָטעין, קיין פעטס, 56 קאַלאָרים.

פלוימען, פרישע:

20 פראָצענט האַרבאָהיידראַט, 1 פראָצענט פראָטעין, קיין פעטס. 84 קאַלאָרים.

פלוימען, געטריקענטע:

72 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 2 פראָצענט פראָטעין, קיין פעטס. 296 קאַלאָרים.

ראָזשינקעס (רעיזינס):
76 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 3 פּראָצענט פּראָטעין, 3 פּראָצענט פעטס. 343 קאַלאָרים.

אין דער גרופּע פרוכט, פּונקט ווי אין דער דריטער גרופּע וועדזשעטייבעלס, קאָן מען ניט פאַרבייטען איין פרוכט אויף אַן אַנדער סיידען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט די פאַרשיידענע שפּייז-ווערטהען פון די פרוכטען. צום ביישפּיעל, הונדערט גראַם (דריי מיט דריי פערטעל אונצעס) באַנאַנעס שאַפט אין קערפּער צוואנציג גראַם צוקער. די זעלבע געוויכט פון געטריקענטע פלוימען גיט דעם קערפּער 72 גראַם צוקער, העכער דריי מאָל אזוי פיעל. דאַגעגען גיבען עפּעל, באַרנעס, אַפּריקאָטען און קאַרשען כמעט די זעלבע מאָס צוקער, און מען מעג זיי פאַרבייטען איינע אויף די אַנדערע, אין דער זעלבער מאָס, לויט דעם געוויכט.

טייטלען, ראָזשינקעס, געטריקענטע פייגען און געטריקענטע פלוימען גיבען, לויט זייער געוויכט, די זעלבע מאָס צוקער אין קערפּער, און מען קאָן זיי פאַרבייטען איינע אויף די אַנדערע; מען קאָן זיי אָבער ניט פאַרבייטען אויף אנדערע פרוכט, וועלכע האָבען וויינציגער צוקער, סיידען מען פאַרבייט אויף אַ קלענערער אָדער גרעסערער מאָס, לויט דער מאָס צוקער וואָס זיי האָבען.

## גרופּע 6

### ברויט און ברויט-פּראָדוקטען

אין הונדערט גראַם ווייסע ברויט:
53 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 9 פּראָצענט פּראָטעין, 1 פּראָצענט פעטס. 257 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם טאָוסט, געטריקענטע ווייסע ברויט:
61 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 11 פּראָצענט פּראָטעין, 1 פּראָצענט פעטס. 297 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם קאָרן ברויט:

53 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 9 פּראָצענט פּראָטעין, 1 פּראָצענט פעטס. 257 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם גאַנצע ווייצען ברויט:

50 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 10 פּראָצענט פּראָעין, 1 פּראָצענט פעטס. 249 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם קליינע ברויט (ברען ברויט):

40 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 10 פּראָצענט פּראָטעין, 1 פּראָצענט פעטס. 209 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם קאָרן פלעיקס:

80 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 5 פּראָצענט פּראָטעין, און 1 פּראָצענט פעטס. 349 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם גרעהעם קרעקערס:

72 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 10 פּראָצענט פּראָטעין, 10 פּראָצענט פעטס. 418 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם סאָדאַ קרעקערס:

72 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 10 פּראָצענט פּראָטעין, 10 פּראָצענט פעטס. 418 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם מאַקאַראָני (לאָקשען) געקאָכטע:

16 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 13 פּראָצענט פּראָטעין, 1 פּראָצענט פעטס. 125 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם אָוטמיעל (האָבער גריץ, קאַשע), געקאָכטע:

16 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 4 פּראָצענט פּראָטעין, 2 פּראָצענט פעטס. 98 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם רייז, געקאָכטע:

24 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 3 פּראָצענט פּראָטעין, קיין פעטס. 108 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם שרעדעד ווהיט ביסקוויט:

23 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 3 פּראָצענט פּראָטעין, קיין פעטס. 104 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם יונידאַ ביסקוויטס:

70 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 1 פּראָצענט פּראָטעין, 1

פּראָצענט פעטס. 293 קאַלאָרים.

אין הונדערט גראַם צוויבאַק:

73 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 1 פּראָצענט פּראָטעין, 10 פּראָצענט פעטס. 386 קאַלאָרים.

ווי וויכטיג עס איז פאַר יעדען צוקער-קראַנקען זיך צו באַ-קאָנען מיט די שפּייז-ווערטען פון די פאַרשיידענע ברויטען איז לייכט איינצוזעהן. מאַנכע דייעבעטיקער עסען נאָר קאָרן ברויט אָדער גאַנצע ווייצען ברויט. דאָס האַרץ חלש'ט זיי פאַר אַ שטיקעל וויים ברויט, אָבער זיי האָבען מורא זיך צוצוריהרען צו דעם. קוקט מען זיך צו צו די שפּייז-ווערטען פון די פאַר-שיידענע ברויטען, זעהט מען דאָס דער אונטערשייד איז אַ גאַנץ קליינער, כמעט אַן אומבאַדייטענדער.

מאַנכע דייעבעטיקער עסען ניט קיין פרישע ווייסע ברויט, נאָר „טאָוסט״, געטריקענטע ווייסע ברויט, עסען זיי יאָ. עמיצער האָט זיי געזאָגט, דאָס טאָוסט האָט ווייניגער צוקער ווי פרישע ברויט. דאָס איז אַ נאַרישע איינרעדעניש. טאָוסט איז ברויט פון וועלכען אַ טייל פון דעם וואַסער איז אויסגעטריקענט. עס ענטהאַלט דארום מעהר צוקער פּראָפּאָרציאָנעל לויט דעם גע-וויכט, ווי פרישע ברויט.

נעמט מען, צום בשייפּיעל, הונדערט גראַם (דריי מיט דריי פיערטעל אונצעס) ברויט און מען טריקענט דאָס אויס, האָט דאָס שטיקעל געטריקענטע ברויט ניט מעהר צוקער ווי עס האָט געהאַט איידער עס איז געטריקענט געוואָרען. פאַר-גלייכט מען אָבער אַ געוויסע מאָס (לאָמיר זאָגען הונדערט גראַם) טאָוסט מיט ברויט, האָט די מאָס טאָוסט מעהר צוקער ווי דאָס ברויט.

דאָס זעלבע איז אויך מיט צוויבאַק, וואָס איז ניט מעהר ווי געטריקענטע פאַרזיפּטע ברויט.

די זעלבע מיספאַרשטענדעניש, אָדער ניט פאַרשטענדעניש, שטערט צוקער קראַנקע צו באַרייכערען זייער דיעטע מיט „סיריעלס״, ווי רייז, אָוטמיעל, מאַקאַראָני, און עהנליכע. זאָגט אַ דייעבעטיקער, אַז ער מעג עסען מאַקאַראָני, וועט ער מיינען

דאָס איהר שפּאַסט. עס איז אמת, דאָס טרוקענע, רויהע מאַקאַראָני האָט 74 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט. אָבער קיינער עסט ניט טרוקענע רויהע מאַקאַראָני. געקאָכטע לאָקשען זאַפּען איין אַזוי פיעל וואַסער, דאָס זיי האָבען ניט מעהר ווי 16 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט.

אַ דייעבעטיקער קאָן עסען הונדערט גראַם (דריי מיט דריי פערטעל אונצעס) געקאָכטע מאַקאַראָני מיט פּוטער, און ער וועט דערפון האָבען ניט מעהר צוקער אין קערפּער ווי פון איין דינע רייפּטעל (1 אונין) ברויט מיט פּוטער.

דאָס זעלבע איז מיט אָטמיעל (האָבער גריץ). דאָס זעלבע איז מיט רייז.

ווען די אויסגערעכענטע אַרטיקלען ווערען צוגעגעבען צו דער ליסטע פון שפּייזען וועלכע אַ דייעבעטיקער מעג עסען, ווערט זיין דיעטע רייכער און ערטרעגליכער.

## פליייש און פיש

פליייש ווערט גענוצט אין דער דיעטע הויפּטזעכליך פאַר פּראָטעין שפּייז. פליייש האָט קיין צוקער. און דאָס האָט געפיהרט די דאָקטוירים פון די פריהערדיגע דורות צו האַדעווען צוקער־קראַנקע מיט אַ סך פליייש.

ביי היינטיגען טאָג ווייסען מיר, אַז דאָס עסען צופיעל פליייש איז שעדליך פאַר א צוקער קראַנקען. ערשטענס, קאָן דער קערפּער פאַרנוצען נאָר א געוויסע מאָס פּראָטעין און ניט מעהר. פון די איבעריגע פּראָטעין מוז דער קערפּער פּטור ווערען, און דאָס איז אַ צו גרויסע אָנשטרענגונג פאַר די נירען. און צווייטענס האָט מען אויסגעפונען, דאָס העכער אַ העלפט (58 פּראָצענט) פון די פּראָטעין ווערט אין דעם קערפּער פאַרוואַנדעלט אין צוקער.

## גרופּע 7

אין הונדערט גראַם פון:
רינד פליייש (אָקסען, קוה) געבראָטען אָדער סטעיק:

קיין קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 20 פּראָצענט פעטס. 260 קאַלאָרים.

אינדיק, געבראָטען:

קיין קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 20 פּראָצענט פעטס. 260 קאַלאָרים.

שאָפּען פלייש (לעמב טשאָפּס):

קיין קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 20 פּראָצענט פעטס. 260 קאַלאָרים.

עוף (טשיקען):

קיין קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 5 פּראָצענט פעטס. 125 קאַלאָרים.

שאָפּען פלייש, מאָגערע:

קיין קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 12 פּראָצענט פעטס. 188 קאַלאָרים.

צונג:

קיין קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 10 פּראָצענט פעטס. 170 קאַלאָרים.

קעלבערן פלייש, מאָגערע:

קיין קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 6 פּראָצענט פעטס. 134 קאַלאָרים.

קאָטלעטען פון קעלבערן פלייש:

קיין קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 8 פּראָצענט פעטס. 152 קאַלאָרים.

ווי איהר זעהט, זיינען כמעט אַלע פליישען גלייך אין דעם וואָס זיי האָבען קיין קראָכמאַל, אַרום צוואַנציג פּראָצענט (איין פינפטעל) פּראָטעין און אַביסעל פעטס. דאָס זעלבע איז מיט די פאַרשיידענע פיש.

דאָ האָט איהר וויכטיגע פאַקטען וועגען די נאַרהאַפטיגקייט פון פיש און וואָס זיי אַנטהאַלטען.

בעס (אָקון), הונדערט גראַם:

קיין קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 2 פּראָצענט פעטס. 99 קאַלאָרים.

קאַדפיש (שטאָק פיש):

קיין קאַרבאָהיידראַט, 18 פּראָצענט פּראָטעין, 1 פּראָצענט פעטס. 87 קאַלאָריס.

האַליבאָט (פלאַטשיגע פיש):

קיין קאַרבאָהיידראַט, 18 פּראָצענט פּראָטעין, 6 פּראָצענט פעטס. 128 קאַלאָריס.

לאַקס (סעמען):

קיין קאַרבאָהיידראַט, 22 פּראָצענט פּראָטעין, 12 פּראָצענט פעטס. 196 קאַלאָריס.

סאַרדעלען (סאַרדינס אין שאַכטעלעך):

קיין קאַרבאָהיידראַט, 23 פּראָצענט פּראָטעין, 20 פּראָצענט פעטס. 272 קאַלאָריס.

טראַוט (פאָרעל פיש):

קיין קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 2 פּראָצענט פעטס. 88 קאַלאָריס.

## מילך פּראָדוקטען (דעירי)

מאַנכע דייעבעטיקער זיינען אונטער דעם איינדרוק, דאָס מילך טאָרען זיי ניט עסען אָדער טרינקען (מילך איז אין דער אמת'ן א שפּייז, ניט אַ געטראַנק). ווארום דאָס איז אַזוי, קאָן איך ניט פאַרשטעהן, דעם איינציגען ענטפער, וואָס איך קריג אויף מיין וואָרום, איז: „אַזוי האָט מען מיר געזאָגט.״

דער אמת איז, דאָס מילך איז אַזאַ גוטע שפּייז ווי אַלע אנ־דערע שפּייזען. און אויב מען רעכענט עס אַריין אין דעם חשבון פון שפּייז, מעג אַ צוקער קראַנקען נוצען מילך פונקט ווי ער מעג נוצע ברויט.

## גרופּע 8

מילך, 100 גראַם, 3 מיט אַ האַלב אונצעס, עטוואָס ווייניגער ווי אַ האַלבע גלאָז:

5 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 4 פּראָצענט פּראָטעין, 4 פּראָ־צענט פעטס. 72 קאַלאָריס.

באָטער מילך (מאַסליאַנקע): 100 גראַם:
4 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 4 פּראָצענט פּראָטעין, אַ האַלבע פּראָצענט פעטס. 37 קאַלאָרים.

„סקימד" מילך (מילך, פון וועלכע די פעט איז ארונטערגענומען), 100 גראַם:
5 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 4 פּראָצענט פּראָטעין, איין דריטעל פּראָצענט פעטס. 39 קאַלאָרים.
קרים — שמאַנט (געוועהנליכע):
3 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 5 פּראָצענט פּראָטעין, 2 פּראָצענט פעטס. 204 קאַלאָרים.
קריעם (עקסטרא געדיכטע):
אַ האַלב פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 2 פּראָצענט פּראָטעין, 40 פּראָצענט פעטס. 370 קאַלאָרים.

אַמעריקאַן קעז:
קיין קאַרבאָהיידראַט, 28 פּראָצענט פּראָטעין, 36 און אַ האַלב פּראָצענט פעטס. 436 קאַלאָרים.
קאָטעדזש קעז:
4 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 1 פּראָצענט פעטס. 150 קאַלאָרים.
פון דעם איז צו זעהן, דאָס אויף וויפיעל עס אַנבאַלאַנגט די מאָס צוקער איז מילך, מאַסליאַנקע און „סקימד" מילך גלייך. דער אונטערשייד איז נאָר אין דער מאָס פעטס.

**אייער (איין גאַנץ איי):**
קיין קאַרבאָהיידראַט, 6 גראַם פּראָטעין, 6 גראַם פעטס. 78 קאַלאָרים.
אייער (איין ווייסלאך):
קיין קאַרבאָהיידראַט, 3 גראַם פּראָטעין, קיין פעטס, 12 קאַלאָרים.

אייער (איין געלכעל):
קיין קאַרבאָהיידראַט, 3 גראַם פּראָטעין, 6 גראַם פעטס. 66 קאַלאָרים.

## גרופּע 9

### פעטס

פּוטער, 100 גראַם:
קיין קאַרבאָהיידראַט, קיין פּראָטעין, 85 פּראָצענט פעטס. 774 קאַלאָריס.
„מאַיאָנעיז" דרעסינג:
קיין קאַרבאָהיידראַט, קיין פּראָטעין, 100 פּראָצענט פעטס. 900 קאַלאָריס.
סאַלאַד אָילס:
קיין קאַרבאָהיידראַט, קיין פּראָטעין, 100 פּראָצענט פעטס. 900 קאַלאָריס.
קריעם, שמאַנט (ווי פריהער דערמאָנט): צוואַנציג אָדער פערציג פּראָצענט פעטס און אַמעריקאַנער קעז 36 פּראָצענט פעטס.

## גרופּע 10

### ניס

די מערהסטע ניס זיינען רייך אין אַלע דריי שפּייז־שטאָפען.
מאַנדלען, 100 גראַם:
17 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 55 פּראָצענט פעטס. 640 קאַלאָריס.
טשעסטנאַט (קאַשטאַנען ניס):
40 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 6 פּראָצענט פּראָטעין, 6 פּראָצענט פעטס. 238 קאַלאָריס.
קאָקאָניס:
28 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 6 פּראָצענט פּראָטעין, 50 פּראָצענט פעטס. 586 קאַלאָריס.
פּינאָטס (פּיסטאַשקעס):

22 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 25 פראָצענט פראָטעין, 40 פראָצענט פעטס. 548 קאַלאָרים.

היקאָרי ניס:

12 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 16 פראָצענט פראָטעין, 66 פראָצענט פעטס. 706 קאַלאָרים.

פיקען ניס:

15 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 10 פראָצענט פראָטעין, 70 פראָצענט פעטס. 730 קאַלאָרים.

וואלנאטס (וועלישע ניס):

14 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 16 פראָצענט פראָטעין, 64 פראָצענט פעטס. 696 קאַלאָרים.

בראַזיליען (אָדער באָטער ניס):

7 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 16 פראָצענט פראָטעין, 66 פראָצענט פעטס. 686 קאַלאָרים.

דערפון איז צו זעהן, דאָס אויסער די בראַזיליען אָדער פוטער ניס, זיינען אַלע אַנדערע ניס רייך אין קאַרבאָהיידראַט. אַ דייעבעטיקער טאָר דארום ניט עסען קיין ניס אַלס צוגאָב צו זיין שפּייז, נאָר עס דאַרף אריינגערעכענט ווערען אַלס אַ טייל פון זיין דיעטע.

מאַנכע אָנהענגער פון „נאַטירלי:כע" באהאַנדלונגען פון קראַנקהייטען (נאַטוראָפּאַטען) האָבען אַ פאַלשען באגריף וועגען דעם שפּייז-ווערטה פון „נאַטירליכע" שפּייזען. זיי זאָגען, צום ביישפּיעל, דאָס אַ דייעבעטיקער טאָר ניט עסען קיין צוקער, אָבער האָניג איז אַ נאַטירליכע שפּייז, וואָס ער מעג עסען. פּוטער פון מילך איז ניט גוט פאַר דעם קראַנקען, אָבער פּוטער פון ניס (פינאָט באָטער) איז גוט. פאָלגענדע טאַבעלע צייגט ווי פאַלש אַזאַ מיינונג איז:

גרופּע 11

האָניג, 100 גראַם:

81 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, קיין פראָטעין, קיין פעטס. (צוקער איז 100 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט). 324 קאַלאָרים.

פינאַט-פוטער:

18 פראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 30 פּראָצענט פּראָטעין, 45 פעטס. 597 קאַלאָרים.

קאַקאָ:

36 קאַרבאָהיידראַט, 20 פּראָצענט פּראָטעין, 28 פּראָצענט פעטס. 476 קאַלאָרים.

שאָקאָלאַד:

30 פּראָצענט קאַרבאָהיידראַט, 12 פּראָצענט פּראָטעין, 50 פּראָצענט פעטס. 618 קאַלאָרים.

מיט דער הילף פון די אָנגעגעבענע ליסטען און שפּייז-גרופען קאָן יעדער אינטעליגענטער צוקער-קראַנקער בייטען איין שפּייז אַרטיקעל אויף אַן אַנדערען און דערמיט באַרייכערען די פאַרשיידענאַרטיגקייט פון זיינע שפּייזען. ער דאַרף נאָר אין זינען האָבען, דאָס די מאָס נייע שפּייז זאָל ניט געבען דעם קערפּער מעהר קאַרבאָהיידראַט אָדער צוקער ווי די מאָס שפּייז, פאַר וועלכער ער האָט זי אויסגעביטען.

## וויפיעל איז הונדערט גראַם שפּייז

פרוכטען און גרינצייג פאַרשרייבט מען געוועהנליך אין הונ-דערט גראַם פּאַרציעס פאַר אַ מאָלצייט. וויפיעל שפּייז איז הונדערט גראַם?

דאָס בעסטע איז צו וועגען די שפּייז. עס זיינען דאָ קליינע וואָגען (סקעילס) ספּעציעל פאַר צוקער-קראַנקע, אויף וועלכע עס איז זעהר גרינג צו וועגען די פאַרשיידענע רויהע אָדער גע-קאָכטע שפּייזען אפילו ווען די שפּייז איז שוין אויף דעם טעלער.

אָבער אויב עס איז אונמעגליך צו וועגען די שפּייז, איז גוט צו געדענקען די פאָלגענדע טאַבעלע:

100 גראַם ספּינעדזש (געקאָכטע) איז — אַ האַלבע קאָפּע.

100 גראַם זויער קרויט — איז דריי-פערטעל קאָפּע.

100 גראַם רובאַרב (געקאָכטע) — איין קאָפּע.

100 גראַם לעטוס — 10 גרויסע בלעטער.

100 גראַם אוגערקע — 10 דורכשניטליכע רייפטלעך.
100 גראַם סעלערי — 10 מיטעלע שטיינגלעך.
100 גראַם שוואַמען — 4 מיטעלמעסיגע שוואַמען.
100 גראַם „בוראַקעס גרינס" — אַ האַלבע קאָפּע.
100 גראַם שפּאַרגעל (אַספּאַראַגוס) — 4 שטיינגלעך.
100 גראַם קרויט — אַ דריטעל קאָפּע.
100 קראַם קאַליפלאַוער — דריי־פערטעל קאָפּע.
100 גראַם „עג פּלענט" — אַ האַלבע קאָפּע.
100 גראַם בריסעל ספּראָוטס (בלומען קרויט) — דריי־פערטעל קאָפּע.
100 גראַם גרינע פּעפּער — 1 מיטעלמעסיגער פּעפּער.
100 גראַם רעטעך — 20 קליינע רעטעכלעך.
100 גראַם טוירניפּ (ריבען) — דריי־פערטעל קאָפּע.
100 גראַם בעבליך (סטרינג ביענס) — אַ האַלבע קאָפּע.
100 גראַם טאָמייטאָ — 1, גרויס ווי אַן איי.
100 גראַם בוראַקעס — דריי־פערטעל קאָפּע.
100 גראַם מערען — דריי־פערטעל קאָפּע.
100 גראַם גרינע אַרבעס — אַ האַלבע קאָפּע.
100 גראַם אַליווס (איילבירטען) — 12 אַליווס.
100 גראַם ציבעלעס — 6 קליינע ציבעלעס.
100 גראַם סקוואַש — אַ האַלבע קאָפּע.
100 גראַם פרישע בעבלאַך (סטרינג בינס) — אַ האַלבע קאָפּע.
100 גראַם ליימאַ בינס (בעבלאַך) — איין דריטעל קאָפּע.
100 גראַם פּאַסטערנאַק (פּאַרסניפּ) — דריי־פערטעל קאָפּע.

## פרוכטען

100 גראַם אַרענדזש — 1 קליינער אַרענדזש.

100 גראַם גרעיפּ פרוכט — אַ האַלבער קליינער גרעיפּ פרוכט.

100 גראַם פּיינעפּעל — 1 רייפטעל, דריי־פערטעל אינטש דיק.

100 גראַם סטראָבעריס — דריי־פערטעל קאָפּע.
100 גראַם קאַווען (וואָטער־מעלאָן) — 1 קאָפּע שטיקלעך אַווען,
100 גראַם עפּעל — 1 קליין עפּעל.
100 גראַם טשעריס (וויינשעל) — 25 טשעריס.
100 גראַם באַנאַנאַ — צוויי־דריטעל פון אַ מיטעלמעסיגער באַנאַנאַ.
100 גראַם באַרנע — 1 קליינע באַרנע.

ווי שוין פריהער געזאָגט, אַז גלייכער צו וועגן די שפּייז, צו זיין זיכער דאָס מען קריגט די ריכטיגע מאָס. די אויבען אָנגעגעבענע טאַבעלע איז נאָר צו געבען דעם צוקער־קראַנקען א באַגריף וויפיעל, אומגעפעהר, עס איז אין די געוועהנליכע הויימישע מאָסן די סומע פון הונדערט גראַם פרוכט אָדער גרינציג.

דר. ב. דובאָווסקי



# קאָמפּליקאַציעס און געפאַהרען פאַרליידענדע פון דייעביטיז

ווי שוין פריהער דערקלערט, איז א דייעבעטיקער א מענש וועמענס קערפּער עס האָט טיילוויז פאַרלאָרען די פעהיגקייט צו פאַרנוצען שפּייז, ספּעציעל צוקער שפּייז.

אויב די קראַנקהייט ווערט פאַרנאַכלעסיגט ווערט אָט די פעהיגקייט צו פאַרנוצען שפּייז קלענער און קלענער. דער קערפּער ווערט ניט גענוג גענעהרט. דער מענש פאַרלירט געוויכט. ער ווערט לאַנגזאַם פאַרהונגערט, ווייל טראָץ דעם וואָס ער עסט א סך, בלייבט אין איהם זעהר וויייניג, צולים דעם וואָס א גרויסע טייל פון זיין שפּייז געהט אַרויס דורך זיינע נירען צוזאַמען מיט זיין אורין.

לאַנגזאַם פאַרהונגערט ווערען, אָדער זיין ניט גענוג גע־נעהרט, איז איינע פון די פאָלגען פון פאַרנאַכלעסיגען דייע־ביטיז.

עמפּינדליכקייט צו אינפעקציעס איז א צווייטע קאָמפּלי־קאַציע.

די צו גרויסע מאָס ניט פאַרנוצטע צוקער אין דער הויט, און די מוסקולען און אין דעם בלוט מאַכט דעם קראַנקען א בעסערען פעלד פאַר די מיקראָבען, די מיקראָבען וועלכע כאַ־פּען זיך אריין דורך דער הויט קאָנען גרינגער וואַקסען און פאַרמעהרען זיך. זיין ניט גענוגענדע נאַהרונג שוואַכט אָפּ זיין ווידערשטאַנדס קראַפט זיך צו וועהרען געגען אינפעקציעס, וואונדען, מכות, קארבונקעלס וועלכע ענטוויקלען זיך אין אזא קראַנקען קאָנען זיך ניט אזוי גיך פאַרהיילען.

די אינפעקציעס שוואַכען נאָך מעהר אָפּ די פעהיגקייט פון דעם דייעבעטיקער צו פאַרנוצען שפּייז. עס שאַפט זיך דארום

אַ פּאַר „כשוף׳טער קרייז. וואָס מעהר דער קראַנקער לײידעט פון אינפעקציעס אַלץ ווייניקער צוקער שפּייז קאָן ער פאַרנוצען און וואָס ווייניגער שפּייז ער פאַרנוצט אַלץ גרעסער ווערט די געפאַהר פון אינפעקציע.

**אַרטעריאָ סקלעראָזיס**, דאָס פאַר הארטעווען פון די בלוט רעהרען איז פאַרשפּרייט מעהר ווישען דייעבעטיקער ווי צווישען ניט דייעבעטיקער.

**קאטאראקט**, (דאָס פאַרהאַרטעווען פון די לענזע וואָס געפינט זיך אין פראָנט פון יעדען אויג) באַגעגענט מען צווישען דייעבעטיקער מעהר ווי צווישען די וואָס לײידען ניט פון צוקער.

**גענגריין**, פאַרהאַרטעוועטע בלוט רעהרען, פאַרקלענערט די מאָס בלוט וואָס שטראָמט דורך זיי און באַשרענקט דערמיט די בלוט נאַהרונג צו דעם טייל קערפּער אין וועלכען די דאָזיגע רעהרען געפינען זיך. אויב דאָס פּאַסירט אין די בלוט רעהרען פון די פיס, קאָן דאָס פיהרען צו גענגריין.

גענגריין, אָדער דאָס פוילען פון א טייל קערפּער וואָס קריגט ניט גענוג בלוט, איז ביי היינטיגען טאָג דער גרעסטער שונא פון צוקער קראַנקע. אויב גענגריין ענטוויקעלט זיך אין א פוס און מען קאָן דעם פּראָצעס ניט אָפּשטעלען מוז מען דעם פוס אָפּשניידען.

עס איז פיעל גרינגער צו פאַרהיטען די ענטוויקלונג פון גענגריין איידער עס קורירען.

**אסידאָסיס**. אין א צוקער קראנקען וועלכער פאַרנאַכלעסיגט זיין דייעביטיז קאָנען זיך אויך ענטוויקלען גיפטיגע שטאָפען אין דעם בלוט, פּראָדוקטען פון ניט גענוגענדע מעטאַביליזירונג פון די שפּייז. „אַסעטאָן״ איז איינע פון די דאָזיגע פּראָדוקטען. די אָנזאַמלונג פון צופיעל ברייגגט צו „קאמא״ (הינער פלעט).

אָט די אַלע ערנסטע און געפעהרליכע קאָמפּליקאַציעס קאָנען פאַרהיט ווערען. דייעביטיז, אויב ריכטיג באַהאַנדעלט, איז אַ גרינגע קראַנקהייט. דער צוקער קראַנקער, אויב ריכטיג באַהאנדעלט קען אויסלעבען זיינע יאָהרען און טאָן זיין אַרבייט ווי אַלע אַנדערע נאָרמאַלע מענשען.

דר. ב. דובאָווסקי

# ווי אַזוי צו פאַרהיטען קאָמפּליקאַציעס

## וואָס מיינט ריכטיגע באַהאַנדלונג

אום זיך אויסצוהיטען פון די קאָמפּליקאַציעס צו וועלכע אַ פאַרנאַכלעסיגונג פון דייעביטישען צושטאַנד קאָן פיהרען, דאַרף יעדער צוקער קראַנקער ריכטיג באַהאַנדעלט ווערען.

אָבער וואָס מיינט אַ ריכטיגע באַהאַנדלונג?

עס מיינט אַזאַ באַהנדלונג וואָס זאָל ערמעגליכען דעם דייעבעטיקער צו עסען אַזוי פיעל שפייז וויפיעל זיין קערפּער דאַרף האָבען, און ער זאָל ניט האָבען קיין צופיעל צוקער אין זיין בלוט און קיין צוקער אין זיין אורין.

אַזאַ באַהנדלונג דאַרף אָנגעפיהרט ווערען אויף פאָלגענדען אופן:

צוערשט דאַרף מען אויסגעפינען ווי גרויס עס איז דעם פּאַציענט'ס שפּייז-טאָלעראַנץ, דאָס הייסט וויפיעל שפייז זיין קערפּער קאָן פאַרנוצען יעדען טאָג. ניט וויפיל דער מענש קאָן אויפעסען יעדען טאָג, נאָר וויפיל זיין קערפּער פאַרנוצט טאָקע.

דאַן דאַרף מען אויסרעכענען, לויט דעם פּאַציענט'ס יאָהרען, הויכקייט, געוויכט, און אַרבייט, וויפיעל שפייז זיין קערפּער דאַרף פאַרנוצען יעדען טאָג כדי צו זיין געזונט און אַרבייטס פעהיג.

וויסענדיג אָט די צוויי מאָסען פאַרגלייכט מען זיי. אויב די מאָס שפייז וואָס דער מענש קאָן נאָך פאַרנוצען (זיין שפייז טאָ-לעראַנץ) איז גענוג אָדער מעהר ווי די מאָס וואָס ער מוז האָבען יעדען טאָג (די שפייז נויט) דאַרף דער מענש נאָר האָבען אַ גוט צוגעפּאַסטע דיעטע. אויב אָבער דער מענש קאָן ניט פאַרנוצען

אַזוי פיעל שפּייז וויפיעל ער מוז האָבען יעדען טאָג, נויטיגט זיך דער מענש איז גענוג אינסולין צו קאָנען פאַרנוצען אזוי פיעל שפּייז וויפיעל ער מוז האָבען יעדען טאָג.

אָבער אַ גרויסע ראָלע אין דעם דערפאָלג פון דער באהאנד־לונג שפּילט דער פּאַציענט אַליין און זיין באַרייטוויליגקייט אוים־צופאָלגען די פאָרשריפטען פון דעם דאָקטאָר. אין גאָר אַ גרוי־סער צאָהל פאַלען אין וועלכע דייעבעטיקער ווערען ניט ריכטיג באַהאַנדעלט זיינען די קראַנקע אַליין שולדיג. ווייל, אַזוי לאַנג ווי זיי ליידען ניט קיין שמערצען זיינען זיי ניט וויליג אָפּצוהי־טען די דיעטע וואָס מען פאַרשרייבט פאַר זיי.

# ווי אַזוי זיך אויסצוהיטען פון גענגרין

אַמאָל, אין דער פאַר-אינסולין-פּעריאָדע, איז די גרעסטע געפאַהר פאַר צוקער קראַנקע געווען די אַנטוויקלונג פון „אסידאָזים" און „קאָמאַ" (הינער פלעט) היינט איז עס גענגרין אין די פיס.

די שטערבליכקייט צווישען צוקער קראַנקע וועלכע מוזען אָפּערירט ווערען ווייל עס האָט זיך ענטוויקעלט גענגרין אין זייערע פיס און זיי האָבען געמוזט אָנקומען צו כירורגיע (אָפּשניידען אַ פוס) איז נאָך אַ זעהר הויכער. אין מאַנכע האָספּיטאַלס, אַזוי הויך ווי פופציג פּראָצענט.

עס איז דאַרום זעהר וויכטיג פאַר יעדען צוקער קראַנקען, אַפילו ווען ער גיט אַכטונג אויף זיין דיעטע און האַלט זיך פריי פון איבעריגע צוקער, שטרענג אַכטונג צו געבען אויף זיינע פיס לויט די פאָלגענדע כללים:

1) האַלט די פיס ריין. באָדט זיי יעדען טאָג אין וואַרעמע וואַסער און נוצט אַן איינפאַכע מילדע זייף. נאָכ'ן וואַשען און רייניגען די פיס, טריקענט זיי אָפּ מיט אַ ווייכען האַנדטוך. רייבט ניט די הויט צו שטאַרק. גיט אַכטונג אַז צווישען די פינגער זאָל זיין ריין און טרוקען.

2) זאָקען. טראָגט ווייסע זאָקען פון קאַטען (ווען עס איז וואַרעם) אָדער פון וואָל (ווען עס איז קאַלט). בייט די זאָקען יעדען טאָג. ווען עס איז שטאַרק קאַלט, מעגט איהר טראָגען צוויי פּאָר וואָלענע זאָקען. אָבער זייט זיכער דאָס אייערע שיך זיינען ברייט גענוג און דאָס אייערע פיס פיהלען זיך גרוים און באַקוועם אין די צוויי פּאָר זאָקען.

3) שיך. טראָגט גרויסע, ברייט נעזיגע, שיך וועלכע זאָלען ניט דריקען אָדער קוועטשען אייערע פיס. טראָגט אויך אַזעלכע שיך אין וועלכע די אינערליכע זוילען זאָלען ניט אויפלויפען

ווי קישקעס און דריקען אויף די זוילען פון אייערע פיס.

„קאַרנס" (הינער אויגען) און אַנגעטראָטענע הויט (קעלאָסעס) זיינען אַ פאָלגע דערפון וואָס אייערע שיך האָבען צופיעל געדריקט אויף די באַטרעפנדע טיילען פון אייערע פיס. די קאַרנס און די אַנגעטראָטענע הויט, וועט אָפטמאָל פאַרשווינדען ווען דאָס דריקען פון די שיך וועט ווערען באַזייטיגט. עס וועט אָבער ווערען ערגער ווען דער דרוק וועט ניט באַזייטיגט ווערען.

4) שניידט ניט אַליין אייערע נעגעל אָדער אייערע קאַרנס, מיט אַ מעסער אָדער אַ ראַזיר קלינגעל. איהר קאָנט זיך נאָך איינשניידען און די וואונד קען פיהרען צו דער ענטוויקלונג פון גענגרין. געהט בעסער צו אַ „פאָדיאַטריסט" (טשעראָפּאָדיסט).

5) נאָכדעם ווי איהר וואַשט אייערע פיס יעדען טאָג, אויב אייער הויט איז טרוקען, רייבט איין אין דער הויט לענאָלין (וואָל פעטס) וואָס איהר קאָנט קריגען אין יעדען דראָג סטאָר.

דאָס וועט האַלטען די הויט ווייך. אויב עס געפינט זיך אַ רויטער אָדער אַן עמפּפינדלעכער פלאַץ אויף דער הויט, רייבט ניט דעם פלאַץ, ווייל עס קאָן זיין אַן ענטצינדונג פון אַ בלוט רעהר אויף יענעם פלאַץ. צייגט עס גלייך אייער דאָקטאָר.

6) קאַלטע פיס. אויב אייערע פיס זיינען בלאַס און קאַלט, טראָגט וואָלענע זאָקען אויך בעת איהר שלאָפט. זייט פאַרזיכטיג ניט צו באָדען די פיס אין צו הייסע וואַסער און היט זיך פון האַלטען די פיס צו נאָהענט צו אַ הייסע וואַסער בעג אָדער באַק־לאָמפּ. אין אַזעלכע פאַלען פיהלט די הויט ניט שטאַרק גענוג די היץ און מען קען זיך אָפּבריהען. אויב די פיס זיינען געשוואָלען, איז ראַטזאַם אונטערצולעגען אַ קישען אונטער די פיס בעת מען שלאָפט. אָבער האַלטען זיי צו נאָענט צו אַן עלעקטריק פעד, הייסע וואַסער באַטעל אָדער אַ באַק־לאָמפּ איז געפעהרליך. אין יעדען פאַל דאַרפט איהר לאָזען וויסען אייער דאָקטאָר כדי יענער זאָל קאָנען אַנווענדען מיטלען צו פאַרבעסערען די בלוט צירקולאַציע אין אייערע פיס.

7) קויפט ניט אַליין קיינע אָרטשעס פאַר אייערע שיך, אויב איהר ליידט, אָדער איהר דענקט דאָס איהר ליידט, פון פלאַכע

פּיס. שלעכט צוגעפּאַסטע אָדער ניט נויטיגע אַרטשעס קאָנען פאַראורזאַכען פיעל שאָדען פאַר אייערע פּיס. זאָל אייער דאָק־טאָר באַשטימען צו איהר נויטיגט זיך אין זיי.

8) די קלענסטע וואונד טאָר ניט פאַרנאַכלעסיגט ווערען. וואַשט אָפּ דעם פאַרוואונדעטען פּלאַץ מיט אַלקאָהאָל, פאַר־בינדט מיט אַ ריינעם שטיקעל גאָוז, אָדער אַ „בענד־עיד" און געהט גלייך צו אייער דאָקטאָר כדי צו פאַרהיטען אַז דערפון זאָל זיך ניט ענטוויקלען אַן ערנסטע אינפעקציע.

9) היט אָפּ אייערע פּיס, פאַרנאַכלעסיגט ניט די קלענסטע אונאָרדנונגען. עס איז גרינגער צו פאַרהיטען, איידער צו קו־רירען קראַנקהייטען. ספּעציעל אויב די בלוט צירקולאַציע אין אייערע פּיס איז שוין אַ פאַרקלענערטע, ווי עס איז דער פאַל אין די מעהרסטע מיטעל יעהריגע און עלטערע דייעבעטיקער. מיר האָבען איצט מיטלען (אָסילאָמעטערס) מיט וועלכע מען קאָן באַשטימען צו די בלוט צירקולאַציע אין די פּיס איז פאַר־קלענערט אָדער ניט.

דורך פּעריאָדישע אונטערזוכונגען פון אייערע פּיס און פון אייער דייעבעטישען צושטאַנד אין אַלגעמיין, און דורך אויס־פאָלגען די אָנגעגעבענע כללים, און די באַזונדערע זאַכען וואָס מען וועט אייך אָנזאָגען נאָכדעם ווי מען וועט אייך אַליין אונ־טערזוכען, קאָן מען פאַרהיטען די פּיס פון אינפעקציעס און זיי באַשיצען געגען גענגרין.

עס זיינען דאָ מענשען, אפילו ניט דייעבעטיקער, וועלכע ליידען פון וועהטאָגען אין די פּיס ביים אָפּגעהן אַ שטרעקע פון עטלעכע „בלאָקס". אין די מעהרסטע פון אַזעלכע מענשען זיינען די בלוט רעהרען אין די פּיס שטאַרק פאַרשמעלערט און דער שטראָם בלוט וואָס געהט דורך די פּיס שטאַרק פאַרקלע־נערט. אַזעלכע מענשען מוזען זיין אונטער אַ דאָקטאָר באַ־האַנדלונג, ביז זייער לאַגע בעסערט זיך און די בלוט צירקולאַ־ציע דורך זייערע פּיס ווערט פאַרגרעסערט.

אָבער פיעל בעסער איז ניט צו וואַרטען ביז די לאַגע ווערט אַזוי ערנסט.

# עקסערסייזעס פאַר צוקער קראַנקע

די פראַגע צי אַ דייעבעטיקער דאַרף, זאָל, אָדער מעג, מאַכען עקסערסייזעס (פיזישע איבונגען) איז שוין אַ גאַנץ אַלטע. נאָך לאַנג איידער מען האָט אָנגעהויבען נוצען אינסולין איינשפּריצונגען האָט מען באַמערקט דאָס וועהרענד אויף מאַנכע דייעבעטיקער האָט דאָס מאַכען עקסערסייזעס אַ גוטע ווירקונג ווייל עס העלפּט זיי פאַרנוצען מעהר שפּייז. האָט עס אויף אַנדערע דייעבעטיקער אַ שלעכטע ווירקונג, ווייל עס פאַרגרעסערט די מאָס צוקער אין זייער בלוט און אין זייער אורין.

זייט מען האָט אָנגעהויבען נוצען אינסולין איינשפּריצונגען אין דער באַהאַנדלונג פון דער צוקער קראַנקהייט האָט מען אויך באַמערקט דאָס ניט אין אַלע פאַלען איז די ווירקונג פון עקסערסייזעס אויף די קראַנקע גלייך. אונטערזוכענדיג א גרויסע צאָהל דייעבעטיקער, מילדע און ערנסטע פאַלען, מיט און אָהן אינסולין, האָט מען אויסגעפונען פאָלגענדע פאַקטען:

עקסערסייזעס אַליין פאַרגרעסערט די מאָס צוקער אין דעם בלוט פון א דייעבעטיקער. אָבער ווען אַ צוקער קראַנקער מאַכט פיזישע איבונגען נאָכדעם ווי ער האָט גענומען אַן איינשפּריצונג פון אינסולין פאַרגרעסערט ער דערמיט די ווירקונג פון דעם אינסולין. מיט אַנדערע ווערטער, איין יוניט אינסולין צוזאַמען מיט עקסערסייזעס האָט אויף אַ דייעבעטיקער אַזאַ ווירקונג ווי דאָס נעהמען עטליכע יוניטס אינסולין.

מען האָט אויך אויסגעפונען, אַז דאָס עסען שפּייז סטימולירט די פּענקרייעז דריזע, אין מילדע פאַלען פון דייעביטיז, צו פּראָדוצירען מעהר נאַטירליכע אינסולין, אויף ווי ווייט זי איז נאָר פעהיג דאָס צו טאָן.

פון די אַלע אויסגעפונענע פאַקטען ציהט מען פאָלגענדע שליסע:

1. ווען א דייעבעטיקער מאַכט עקסערסייזעס איידער ער עסט, אָדער איידער ער נעהמט אינסולין איינשפריצונגען, וויר־קען די עקסערסייזעס אויף צו פאַרגרעסערן די מאָס צוקער אין זיין בלוט.

2. ווען א דייעבעטיקער מאַכט עקסערסייזעס באַלד נאָכ'ן נעהמען אן איינשפריצונג פון אינסולין און איידער ער עסט, ווירקט עס אויף צו פאַרקלענערען די מאָס צוקער אין זיין בלוט. און ער דאַרף דאַרום נעמען וועניגער אינסולין ווי ער האָט גע־דאַרפט האָבען ווען ער האָט קיין עקסערסייזעס ניט געמאַכט.

3. דייעבעטיקער וואָס נויטיגען זיך ניט אין קיין קינסטלעכע אינסולין, נאָר דאַרפען זיין פאָרזיכטיג מיט זייער שפייז, קענען עסען מעהר ווען זיי מאַכען עקסערסייזעס נאָכ'ן עסען איידער פאַר'ן עסען, ווייל דאָס סטימולירט די פראָדוקציע פון זייער אייגענע אינסולין.

# פראָגרעס

## ווי אַזוי מען קאָן אויסגעפינען צו אַ דייעבעטיקער בעסערט זיך

דער ערפאָלג, אָדער מיסערפאָלג פון אַ באַהאַנדלונג אין אַ כראָנישער קראַנקהייט קאָן מען מעסטען מיט׳ן פראָגרעס וואָס דער קראַנקער מאַכט. דורך פּעריאָדישע אונטערזוכונגען פון דעם פּאַציענט און דורך פאַרגלייכען זיין צושטאַנד מיט דעם אין וועלכען ער האָט זיך געפונען בעת דער לעצטער אונטער־זוכונג, קאָן מען אורטיילען צו דער קראַנקער ווערט בעסער, ערגער, אָדער זיין לאַגע בלייבט ניט פאַרענדערט.

די זעלבע מאָס קאָן מען אויך אָנווענדען אין די פאלען פון דייעבעטיקער.

די ערנסטקייט אָדער מילדקייט פון דער צוקער קראַנקהייט ווענדט זיך אָן דעם ווי גרויס עס איז דעם פּאַציענט׳ס שפּייז טאָ־לעראַנץ. דאָס הייסט וויפיעל שפּייז זיין קערפּער קאָן „מעטאַבאָ־ליזירען״, פאַרנוצען אָהן דער הילף פון אויסערליכע אינסולין. וואָס ווייניגער שפּייז זיין קערפּער קאָן פאַרנוצען אַלץ ערנסטער איז זיין דייעבעטישער צושטאַנד.

די מאָס צוקער וואָס מען געפינט אין די אורין איז אַן און פאַר זיך ניט קיין גוטע מאָס פאַר דער ערנסטקייט פון דייע־בעטישען צושטאַנד. (אבוואָהל די מעהרסטע מענשען דענקען אַז וואָס מעהר צוקער איינער האָט אין זיין אורין אַלץ ערגער איז זיין קראַנקהייט). אַ מענשען׳ס דייעבעטישע קראַנקהייט קאָן זיין זעהר אַן ערנסטע, ער קאָן האַלטען אין איין פאַרלירען

געוויכט און כחות, אָבער צוליעב דעם וואָס ער עסט ווייניג קאָן זיין אורין זיין כמעט אָדער אינגאַנצען פריי פון צוקער. פון דער אַנדערער זייט קאָן א מענשען׳ס דייעבעטישער צושטאַנד זיין אַ זעהר מילדער נאָר צוליב דעם וואָס ער עסט פיעל מעהר, זאָל זיין אורין זיין פול מיט צוקער.

אויב אַ דייעבעטיקער קאָן פאַרנוצען גענוג שפייז ער זאָל קאָנען אויפהאַלטען זיין נאָרמאַלע געוויכט און האָבען כח צו טאָן זיין טעגליכע אַרבייט, איז זיין צושטאַנד אַ מילדער. (זיין שפייז טאָלעראַנץ איז אַ גענוגענדע) אויב ער קען ניט פאַרנוצען אַ גענוגענדע מאָס שפייז צו זיין געזונד און אַרבייטס פעהיג, איז זיין צושטאַנד אַ מעהר ערנסטער. וואָס קלענער עס איז די מאָס שפייז וואָס ער קאָן אַליין פאַרנוצען, וואָס מעהר אינסולין ער מוז נוצען צו קאָנען זיין גענוג גענעהרט, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, וואָס גרעסער עס איז זיין שפייז דעפיציט אַלץ ערנסטער איז זיין לאַגע.

מיט דער הילף פון אַ פראָבע דיעטע, אַ בלוט און א אורין פראָבע, קאָן מען באַשטימען ווי גרויס עס איז די שפייז טאָלעראַנץ פון דייעבעטיקער, דאָס הייסט, וויפיעל שפייז זיין קערפער קאָן אַליין פאַרנוצען.

דורך מאַכען אַזעלכע פראָבעס פון צייט צו צייט און פאַרגלייכען די רעזולטאַטען קאָן מען באַשטימען צו די שפייז טאָלעראַנץ פון דעם קראַנקען ווערט גרעסער, (דאָס מיינט, אַז זיין צושטאַנד ווערט בעסער) צו עס ווערט קלענער (דאָס הייסט אַז זיין צושטאַנד ווערט ערגער) אָדער עס בלייבט אונפאַרענדערט.

יעדער צוקער קראַנקער דאַרף דורכמאַכען אַזעלכע פעריאָדישע אונטערזוכונגען צו וויסען „ווי ער געהט אָן”, צו זיין צושטאַנד ווערט בעסער אָדער ערגער.

# ירושה און דייעביטיז

גיהט די צוקער קראנקהייט איבער בירושה? זיינען קינדער פון דייעבעטיקער פאראורטיילט צו ליידען פון דער זעלבער קראנקהייט ווי זייערע עלטערן?

דאס איז אן ערנסטע פראגע וואס דארף אינטערעסירען נים נאר די וואס האבען שוין די צוקער קראנקהייט און זייערע קינדער, נאר אויך נים דייעבעטיקער, ווען עס האנדעלט זיך ביי זיי וועגען א שידוך טאן מיט א פערזאן וועלכער ליידט שוין פון דער צוקער קראנקהייט, אדער אין וועמען׳ס משפחה עס זיינען דא צוקער קראנקע.

אין די מעהרסטע מעדיצינישע טעקסט ביכער, ספעציעל אין די וועלכע זיינען פארפאסט געווארען מיט יאהרען צוריק, ווערט דייעביטיז ערקלערט אלס א ירושה קראנקהייט. אבער נייע אונטערזוכונגען און אויספארשונגען פון א גרויסער צאל צוקער קראנקע און זייערע משפחות האבען ארויס־געבראכט פאלגענדע אינטערעסאנטע פאקטען:

ערשטענס — נאר ארום 25 פראצענט פון דייעבעטישע קינדער האבען געירשנט זייער קראנקהייט פון זייערע עלטערן.

צווייטענס — אז א גרויסע צאל קינדער פון צוקער קראנקע עלטערן זיינען אליין נים קיין דייעבעטיקער, נאר זיי זיינען „קעריערס״ — טרעגערס פון דער קראנקהייט, דאס מיינט אז ווערענד זיי אליין ליידען נים פון דייעביטיז, קאנען זיי אבער איבערגעבען די קראנקהייט צו זייערע קינדער.

דריטענס — נאכ׳ן אויספארשען א גרויסער צאל דייעבעטישע משפחות האט מען צונויפגעשטעלט זעהר אינטערעסאנטע טאבעלען לויט וועלכע מען קאן פאראויסזאגען

דעם ירושה־פאַקטאָר אין קינדער פון דייעבעטישע עלטערן:

ווען ביידע עלטערן ליידן פון דייעביטיז, וועלן אַלע זייערע קינדער, פריהער אָדער שפּעטער, אויך זיין דייעבעטי־קער, ווייל זיי ירשנען די קראַנקהייט פון ביידע עלטערן.

ווען איינער פון די עלטערן איז אַ דייעבעטיקער און דער צווייטער איז אַ טרעגער פון דער קראַנקהייט (דאָס הייסט ער שטאַמט פון אַ דייעבעטישער משפּחה) וועלן אַ העלפט פון זייערע קינדער ירשנען די קראַנקהייט.

אויב ביידע עלטערן זיינען נאָר טרעגער פון דער קראַנקהייט וועלן 25 פּראָצענט פון זייערע קינדער, דאָס הייסט איינער פון פיער, ירשנען די קראַנקהייט.

אויב איינער פון די עלטערן איז אַ דייעבעטיקער און דער צווייטער איז ניט, און ער קומט פון אַ ריינער, ניט דייעבעטישער משפּחה, וועלן זייערע קינדער זיין פריי פון דער צוקער קראַנקהייט. זיי וועלן אָבער זיין „קעריערס — טרעגערס פון דער קראַנקהייט, און וועלן קאָנען זי איבער־טראָגען צו זייערע קינדער.

די קראַנקהייט געהט יאָ איבער בירושה, אָבער לויט די מענדעליען־ירושה־געזעצן האָט דער פאָטער אָדער די מוטער וואָס ליידט ניט פון דער קראַנקהייט, און קומט פון אַ ריינער, ניט דייעבעטישער, משפּחה, אַ גרעסערן איינפלוס אויפ׳ן שיקזאַל פון די קינדער ווי דער צווייטער צד וואָס איז אַ דייעבעטיקער, אָדער וואָס טראָגט אין זיך די דייעבעטישע ירושה.

# היירַאטען און שוואַנגערשאַפט פון דייעבעטישע פרויען

אין דער פאַר-אינסולין פעריאָדע איז די פראַגע צי מעגען צוקער קראַנקע חתונה האָבען, ניט געווען פון גרויס פּראַקטי-שער וויכטיגקייט.

די מעהרסטע לעבעדיגע דייעבעטיקער זיינען געווען מי-טעל-יאָריגע אָדער אַלטע מענשען. קינדער, אין וועמען די צו-קער קראַנקהייט האָט זיך ענטוויקעלט, האָבען געוועהנליך ניט דערלעבט אויפצואוואַקסען. יונגע מענשען, אין זייערע צוואַנ-ציגער יאָהרען, אויב זיי זיינען געוואָרען דייעבעטיקער, האָבען זיי, געוועהנליך, געלעבט נאָר א פּיער אָדער פינף יאָהר, פון דער צייט וואָס די צוקער קראַנקהייט האָט זיך ענטוויקעלט אין זיי. און אויך אין די עטליכע יאָהר זיינען זיי געווען כמעט לע-בעדיגע סקעלעטען.

פון חתונה האָבען אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָט קיין רייד ניט געקענט זיין.

אָבער, אַ דאַנק דעם נוצען אינסולין אין דער באַהאַנדלונג פון צוקער קראַנקע, האָט די לאַגע זיך ראַדיקאַל געענדערט. קינדער דייעבעטיקער, מיט דער הילף פון אינסולין וואַקסען איצט אויס און ענטוויקלען זיך פּונקט ווי אַלע אַנדערע ניט דייעבעטישע קינדער. זייט מען האָט אָנגעהויבען נוצען אינסו-לין פאַר צוקער קראַנקע זיינען שוין זעהר אַ סך קינדער-דייע-בעטיקער אויסגעוואַקסען, זיך ענטוויקעלט, גאַנץ פיין, האָבען חתונה געהאַט, און האָבען שוין אייגענע קינדער.

און דערמיט איז די פראַגע פון היירַאטען צווישען דייע-בעטיקער פאַרשאַרפט געוואָרען.

אַמאָל האָט מען געגלויבט דאָס די צוקער־קראַנקהייט געהט ניט איבער בירושה, און ווען מען טרעפט די קראַנקהייט אין קינדער פון דייעבעטישע עלטערן, איז דאָס נאָר אַ צופאַל. אָבער אין די לעצטע פאָר צעהנדליג יאָהרען האָבען זיך אָנגעקליבען זעהר אַ סך באַווייזען דאָס די קראַנקהייט געהט יאָ איבער בירושה, און אויב ניט אַלע קינדער פון צוקער־קראַנקע עלטערן זיינען דייעבעטיקער, זיינען עס אַ גרויסע צאָהל יאָ, און די איבעריגע זיינען „קעריערס", דאָס הייסט, זיי טראָגען אין זיך די נייגונג צו דער קראַנקהייט.

אַמאָל, ווען די מעהרסטע צוקער־קראַנקע קינדער פלעגען שטאַרבען אין זייערע יונגע קינדער־יאָהרען, און די מעהרסטע דייעבעטיקער זיינען שוין געווען אַריבער די פעריאָדע פון קינדער האָבען, איז די פראַגע פון ירושה ניט געווען אַזאַ שאַרפע, אָבער היינט־צו־טאָג ווען קינדער, וועלכע האָבען גע'ירש'נט די קראַנקהייט פון זייערע עלטערען, וואַקסען אויס, האָבען חתונה און האָבען אייגענע קינדער, ווערט די ירושה־פראַגע אַ דרינגענדע.

מיט דער איבערצייגונג דאָס די קראַנקהייט געהט איבער בירושה, איז גרינג צו פאַרשטעהן וואָרום די צאָהל דייעבעטיקער ווערט מיט יעדען יאָהר גרעסער טראָץ דער נייער ווירקזאַמער בעהאַנדלונג פונ'ם צוקער קראַנקען וואָס מיר האָבען איצט. עס ווערט אויך פאַרשטענדליך, אַז וואָס בעסער און ווירקזאַמער עס וועט זיין אונזער בעהאַנדלונג און וואָס מעהר לעבנס פון צוקער־קראַנקע עס וועלען געראַטעוועט ווערען, אַלץ גרעסער וועט ווערען די צאָהל דייעבעטיקער אין די קומענדע דורות.

ווי אָפצושטעלען דעם שטענדיגען צואוואוקס פון נייע דייעבעטיקער איז דאָרום אַ זעהר וויכטיגע פראַגע און זי קאָן פאַרענטפערט ווערען נאָר דורך אַ גענויער באַקאַנטשאַפט מיט דער ירושה אייגענשאַפט פון דער צוקער קראַנקהייט, און אויסגעפינען מיטלען ווי אַזוי צו שטערען אָדער איבערשניידען דעם ירושה פאָדים וואָס פאַרבינדט איין דור מיט אַ צווייטען.

ביי איצטיגער טאָג, אַלס אַ פאָלגע פון אונטערזוכען אַ גרוי־

סע צאָהל דייעבעטישע פאַמיליעס, דענקט מען דאָס די צוקער קראַנקהייט געהט איבער בירושה לויט דער „מענדעליען" טעאָריע פון מינדערען ווערטה. דאָס הייסט, אַז ווען אַ צוקער קראַנקער הייראַט אַ ניט־דייעבעטיקער, האָט דער ניט דייע־בעטיקער אַ גרעסערען איינפלוס אויף די קינדער. די קינדער פון אַזאַ פּאָר־פּאָלק זיינען דאַרום פריי פון דער צוקער קראַנקהייט, אָבער מען קאָן זיי באַטראַכטען אַלס האָבענדיג גע'ירש'נט אַ נייגונג צו דער קראַנקהייט.

לויט אָט דער טעאָריע, ווען צוויי דייעבעטיקער הייראַטען, וועלען אַלע זייערע קינדער, פריהער אָדער שפּעטער, זיין צוקער קראַנקע. אויב אַ דייעבעטיקער הייראַט איינעם, וועלכער איז אַליין ניט קיין צוקער קראַנקער, נאָר ער שטאַמט פון אַ דייע־בעטישער פאַמיליע, דאָס הייסט, ער איז א „קעריער", אַ טרעגער פון דער נייגונג צו דייעביטיז, וועלען אַ העלפט פון זיינע קינ־דער זיין צוקער קראַנקע. אויב צוויי „קעריערס" הייראַטען, דאָס הייסט, אויב ביידע עלטערען זיינען אַליין ניט קיין צוקער־קראַנקע, נאָר זיי שטאַמען פון דייעבעטישע פאַמיליעס, וועלען אַ פערטעל (25 פּראָצענט) פון זייערע קינדער זיין צוקער קראַנ־קע. און ווען א דייעבעטיקער הייראַט אַ ניט־דייעבעטיקער, איינעם וועלכער קומט פון אַ ניט־דייעבעטישער פאַמיליע, ווע־לען זיינע קינדער זיין פריי פון דער קראַנקהייט.

קינדער, וואָס שטאַמען פון צוקער־קראַנקע עלטערען, אפילו אויב אַליין ניט קיין דייעבעטיקער, דאַרפען זיך דאַרום באַטראַכ־טען אַלס מעגליכע „קעריערס" פון דער קראַנקהייט, דאָס הייסט, עס איז מעגליך דאָס זיי האָבען גע'ירש'נט אַ נייגונג צו דער קראַנקהייט, אפילו ווען זיי האָבען ניט קיינע סימנים פון דייע־ביטיז. אַזעלכע מענשען דאַרפען אויסקלייבען זייערע לעבענס־באַגלייטער פון פאַמיליעס, וועלכע זיינען פריי פון דייעביטיז אויב זיי ווילען דאָס זייערע קינדער זאָלען ניט ירש'ענען די קראַנקהייט.

אויף דער פראַגע צי צוקער־קראַנקע מעגען הייראַטען און בריינגען קינדער אויף דער וועלט, איז דער ענטפער: הייראַטען

מעגען זיי יאָ, נאָר, אום זייערע קינדער זאָלען ניט ירש'ענען די קראַנקהייט דאַרפען זיי הייראַטען מיט אַזעלכע וואָס זיינען אַליין ניט קיין דייעבעטיקער, און וועמענס משפּחה איז פריי פון דער צוקער קראַנקהייט. דער זעלבער כלל גילט אויך פאַר קינדער פון צוקער קראַנקע עלטערען, וועלכע זיינען אַליין פריי פון דייע־ביטיז.

אויב דער כלל וואָלט געקאָנט דורכגעפיהרט ווערען, וואָלט אויסגעטריקענט געוואָרען דער גרויסער ירושה קוואַל וואָס באַזאָרגט די וועלט מיט נייע דורות דייעבעטיקער.

# דייעבעטישע פרויען און שוואַנגערשאַפט

די פראַגע צי פרויען, וועלכע ליידען פון דער צוקער קראַנקהייט מעגען אָדער זאָלען שוואַנגערען, איז אַלע מאָל געווען פון גרוים וויכטיגקייט פאַר דאָקטוירים און פאַר אַלע דייעבעטיקער.

פאַר דער אינסולין פעריאָדע איז דער געזונט צושטאַנד פון אַ צוקער-קראַנקער פרוי שטאַרק פאַרערגערט געוואָרען נאָך יעדער שוואַנגערשאַפט און איהר לעבען, נאָך עטליכע מאָל שוואַנגערען איז זיכער פאַרקירצט געוואָרען.

ניט קוקענדיג אויף דעם זיינען די מעהרסטע דייעבעטישע פרויען געווען וויליג איינצושטעלען זייער לעבען און יאָ פאַרשוואַנגערען, אויב זיי זאָלען כאָטש זיין זיכער מיט האָבען אַ געזונד קינד. ליידער האָט מען אויך דאָס זיי ניט געקענט פאַרזיכערען. כמעט אַ העלפט פון אַזעלכע פאַלען פון שוואַנגערשאַפט (44 פראָצענט), האָבען זיך געענדיגט מיט אַן אומגליקספאַל, אָדער די פרוי האָט מפיל געווען, אָדער זי האָט געבאָרען אַ טויט קינד, אָדער דאָס קינד איז געשטאָרבען באַלד נאָך דער געבורט.

ווען מען האָט אָנגעהויבען זיך באַנוצען מיט אינסולין אין דער באַהאַנדלונג פון צוקער-קראַנקע, האָבען אַלע געהאָפט, דאָס ענדליך וועט אויך דאָס פראָבלעם פון שוואַנגערשאַפט צווישען דייעבעטישע פרויען געלייזט ווערען, און מיט דער הילף פון אינסולין וועלען אַזעלכע פרויען אויך קאָנען געבוירען לעבעדיגע קינדער.

ליידער איז די דאָזיגע האָפענונג ניט מקוים געוואָרען.

איך דערמאָן זיך, מיט עטליכע יאָהר צוריק, האָט אַ פריינט מיינער, אַ אידישער שרייבער, זיך געווענדעט צו מיר נאָך אַ מעדיצינישער עצה. זיין פרוי ליידט פון דייעבעטיז. זיי האָבען איין קינד, און די פרוי וואָלט זעהר געוואָלט האָבען נאָך אַ קינד, האָט זי שוין צוויי מאָל פאַרשוואָנגערט. ביידע מאָל האָט זי שטאַרק געליטען און שיער פון דער וועלט געגאַנגען בעת'ן שוואַנגערען, און ביידע מאָל געהאַט טויטע קינדער. איצט האָט זי אַ דריטען מאָל פאַרשוואָנגערט. וואָס זאָלען זיי טאָן?

האָב איך איהם פאַרזיכערט דאָס איצט ווען מיר קאָנען זיך באַנוצען מיט אינסולין איז די פרוי אין קיין שום געפאַהר ניט, און אז מיט דער הילף פון אינסולין, אויב ריכטיג קאָנטראָלירט, וועט די פרוי זיכער האָבען אַ נאָרמאַלע שוואַנגערשאַפט און אַ לעבעדיג קינד.

איך האָב צוגעפּאַסט די דיעטע פאַר דער פרוי, איהר פאַרשריבען די נויטיגע מאָס אינסולין און אַלעס איז צוגעגאַנגען כשורה, ביז... ביז דעם לעצטען מאָנאַט, ווען די פרוי האָט געבוירען אַ טויטען קינד.

און דורכקוקענדיג די סטאַטיסטיק פון שטערבליכקייטען צווישען קינדער פון דייעבעטישע מוטערס האָב איך געזעהן, אַז דאָס באַנוצען זיך מיט אינסולין האָט פאַרקלענערט די שטערבליכקייט נאָר פון 44 אויף 38 פּראָצענט, דאָס הייסט, אַז 38 פון יעדע הונדערט פאַלען פון שוואַנגערשאַפט צווישען דייעבעטישע פרויען ענדיגען זיך נאָך אַלץ מיט מפּול, טויטע קינדער אָדער קינדער וואָס שטאַרבען באַלד נאָכ'ן געבורט, טראָץ דאָס באַנוצען זיך מיט אינסולין.

אַזוי איז דער צושטאַנד געווען ביז ניט לאַנג צוריק, ווען אַ גרופּע געלערענטע האָבען אָנגעהויבען שטודירען די מאָס פון די פאַרשיידענע האָרמאָנען אינ'ם בלוט פון שוואַנגערענדע פרויען.

אין יעדען מענשענ'ס קערפּער ווערען געשאַפען פאַרשיידענע האָרמאָנען וועלכע רעגולירען און איבען אויס אַ שטאַרקע

ווירקונג אויף די פאַרשיידענע פונקציעס פון קערפּער.

ווען אַ פרוי פאַרשווענגערט קומט פאָר אַן ענדערונג אין דער מאָס פון די פאַרשיידענע האָרמאָנען וועלכע מען קאָן געפינען אין איהר בלוט און אויך אין איהר אורין.

צום ביישפּיעל, איינע פון די האָרמאָנען וואָס ווערט גע־שאַפען אין א זעהר גרויסער מאָס אינ׳ם קערפּער פון אַ פרוי באַלד ווי זי פאַרשווענגערט, איז אַ האָרמאָן וועלכען מען באַ־צייכענט מיט׳ן נאָמען „פּראָלאַן״.

די פראָבע צו באַשטימען אויב אַ פרוי האָט פאַרשווענגערט אָדער ניט באַשטייט אין געפינען אַ גרויסע מאָס פון אָט דעם האָרמאָן אין דער פרוי׳ס אורין.

האָט זיך אַרויסגעצייגט דאָס כמעט אין אַלע פאַלען ווען דייעבעטישע פרויען פאַרלירען זייערע קינדער דורך מפּול׳ען אָדער ווען די קינדער שטאַרבען ביים געבורט, האָט מען גע־פונען צופיעל פון אָט דעם פּראָלאַן אין דער פרוי׳ס בלוט.

מען דערקלערט עס דאַרום אַזוי: אויב אין דער שוואַנגער־ענדער פרוי ווערט געשאַפען צופיל פּראָלאַן אין די שפּעטערע מאָנאַטען פון שוואַנגערשאַפט, קאָן עס זעהר פיעל שאַדען איהר קערפּער, און אַזוי ווי דער האָרמאָן קומט מעהרסטענס פון דער „פּלאַסענטאַ״ (אָרט) וואָס נעהרט דאָס קינד, פאַרטיי־דיגט זיך דער קערפּער דערמיט וואָס די „פּלאַסענטאַ״ (אָרט) ווערט צושטערט און דאָס פיהרט צום פריהצייטיגען טויט פון קינד.

אויסגעפינענדיג אָט דעם פאַקט, האָט מען פּרובירט נייט־ראַליזירען די צופיעל פּראָלאַן מיט איינשפּריצונגען פון אַנדערע האָרמאָנען (עסטרין און פּראָדזשעסטרין), און עס איז טאַקע גע־לונגען אָפּצוראַטעווען אַ גרויסע צאָהל קינדער.

אין איין האָספּיטאַל וואו דער פאַרלוסט פון קינדער ביי דייעבעטישע פרויען, אין די יאָהרען 1936־1937 איז געווען 31 פּראָצענט, איז די שטערבליכקייט אין די יאָהרען 1938־1939 רעדוצירט געוואָרען צו 6 פּראָצענט.

ביי היינטיגען טאָג איז דאַרום מעגליך צו אונטערזוכען דאָס

בלוט פון אַ שוואַנגערנדע דייעבעטישע פרוי, אין זעקסטען מאָ־
נאַט פון שוואַנגערשאַפט און באַשטימען צי זי איז אין געפאַהר
צו פאַרלירען איהר קינד אָדער ניט. און אויב זי איז יאָ אין
געפאַהר, קען מען דורך איינשפריצונגען פון געוויסע האָרמאָנען
די דאָזיגע געפאַהר שטאַרק פאַרקלענערען.

# עלטערן קינדער פון דייעבעטישע

איידער מען האָט אויסגעפונען ווי אַזוי צו שאַפען אינסולין, (ווייל אַז ניט גענוג אינסולין איז איינע פון די אורזאַכען פון דער צוקער קראַנקהייט האָט מען שוין לאַנג פאַרדעכטיגט), זיינען קינדער דייעבעטיקער געווען פאַראורטיילט צו אַ זיכערען טויט.

די צוקער קראַנקהייט אין עלטערע מענשען איז באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ ניט ערנסטע קראַנקהייט. און וואָס עלטער דער מענש, אַלץ וויניגער ערנסט האָט מען באַטראַכט זיין דייעבעטישען צושטאַנד. אָבער ווען מען האָט אויסגעפונען צוקער אין די אורין פון אַ יונג קינד, האָט מען דעם קראַנקען גלייך אָפּגעזאָגט דאָס לעבען.

מאַנכע עלטערען פון דייעבעטישע קינדער האָבען אפילו זיך ענטזאגט אויפצופאַסען אויף די קראַנקע. צו וואָס פאַרשווענדען צייט, מיה און געלט, ווען דאָס קינד וועט סיי ווי באַלד שטאַרבען, אַזוי זיכער איז מען געווען אין דער אונמעגליכקייט צו פאַרלענגערען דאָס לעבען פון אַ קינד וואָס ליידט פון דער צוקער קראַנקהייט.

די אורזאַך וואָרום דייעביטיז איז געווען אַ פיעל ערנסטערער צושטאַנד אין קינדער ווי אין ערוואַקסענע איז וואָס קינדער נויטיגען זיך אין מעהר שפּייז (אין פאַרגלייך צו זייערע קערפּערס) ווי דערוואַקסענע מענשען. ביי עלטערע מענשען דינט די שפּייז אַלס שאַפער פון אַרבייטס-ענערגיע און אויף צו פאַרריכטען די אָפּגענוצטע טיילען פון קערפּער. און אַזוי ווי עלטערע מענשען זיינען שוין ניט אַזוי פיעל ענערגיש און אַרבייטען ניט

אַזוי פיעל ווי יונגע לייט, דאַרפען זיי האָבען ווייניגער שפייז.

ווען אַזאַ מענש קריגט די צוקער קראַנקהייט, קען ער רעדוצירען די מאָס שפייז צו וועלכער ער איז געוואוינט און נאָך אַלץ האָבען גענוג וויפיעל ער דאַרף פאַר זיין געזונט.

אָבער קינדער האַלטען ערשט אין וואַקסען. זייער קערפער האַלט זיך אין פאַרגרעסערען. זיי דאַרפען האָבען גענוג שפייז ניט נאָר אויף צו אַרבייטען און זיין טהעטיג, נאָר אויך אויף צו בילדען און פאָרמירען זייערע קערפערס.

אויב זיי קאָנען ניט פאַרנוצען גענוג שפייז, קאָן זייער קערפער ניט פאָרמירט ווערען, ווערען די וויכטיגע אָרגאַנען פון קערפער באַשעדיגט, און דאָס קינד שטאַרבט.

אָט דערפאַר זיינען דייעבעטישע קינדער אין דער פאַר־אינסולין פעריאָדע געווען פאַראורטיילט צו אַ זיכערען טויט.

אָבער דאָס אַלץ איז געענדערט געוואָרען זייט מען האָט אָנגעהויבען נוצען אינסולין צו ערמעגליכען דייעבעטיקער פאַרנוצען מעהר שפייז.

פאַר קינדער איז אינסולין געוואָרען אַ לעבענס־רעטער. ניט נאָר דאַרף איצט קיין צוקער קראַנקעס קינד שטאַרבען פון זיין קראַנקהייט, נאָר אַ סך „זיסע” קינדער פון דער אינסולין ערא זיינען שוין אויסגעוואַקסען, האָבען חתונה געהאַט און זיי האָבען שוין אייגענע קינדער. מאַנכע פון זיי אויך צוקער ליידענדע.

ביי היינטיגען טאָג איז אַ דייעבעטיש קינד ניט אין קיין גרעסערער געפאַהר ווי אַן עלטערער צוקער קראַנקער און יענער איז ניט אין קיין גרעסערער געפאַהר ווי אַ געוועהנליכער געזונטער מענש, אויב ער איז נאָר פאָרזיכטיג גענוג מיט דעם אויפפּאַסען אויף זיין געזונט.

נאָר איין באַדינגונג איז דאָ צו שטעלען. אַ דייעבעטיש קינד מוז נעהמען אינסולין איינשפּריצונגען. אָהן אינסולין איז דאָס אין דער זעלבער לאַגע ווי אַמאָל — פאַראורטיילט צו א גיכען טויט.

צו פאַרשטעהן ווארום דאָס איז אַזוי, דאַרף מען וויסען ווי

אַזוי אינסולין ווירקט.

אינסולין איז אַן עקסטראַקט — אַן אויסצוג פון דער פּענקריעז דריזע, אַט די דריזע, וועלכע געפינט זיך הינטערן מאָגען שאַפט אַ באַשטימטע זאַפט אָדער פליסיגקייט וואָס ערמעגליכט דעם קערפער צו פאַרנוצען די צוקער שטאָף אין אונזער שפייז. ביי דייעבעטיקער, צוליב אורזאַכען וואָס מיר ווייסען נאָך ניט גענוי, פּראָדוצירט אַט די דריזע אַ ניט גענוגענדע מאָס פון איהר אַקטייוען זאַפט. דערפאַר קאָן אַ דייעבעטיקער ניט עסען אַזוי פיעל צוקער שפייז ווי אַ געוועהנליכער מענש קאָן.

ווען מען גיט אַזאַ מענשען אינסולין דורך אַן איינשפּריצונג (אויף קיין אַנדערען וועג ווירקט ניט די אינסולין) העלפט עס דעם מענשען פאַרנוצען אַ טהייל פון די צוקער וואָס געפינט זיך אין זיין בלוט און עס מאַכט פּלאַץ פאַר אַ געוויסער מאָס נייע צוקער שפייז. די מאָס ווענדעט זיך אָן די גרויס פון דער מאָס אינסולין וואָס מען שפּריצט איין.

די פאַרקלענערונג אין דער מאָס פּענקריעז זאַפט איז ניט גלייך ביי אַלע דייעבעטיקער. אין מאַנכע פאַלען שאַפט נאָך די דריזע גענוג פליסיגקייט אויף צו פאַרדייען די נויטיגע מאָס שפּייז, אבוואָהל ניט גענוג פאַר די צופיעל שפייז וואָס דער מענש איז געוואוינט צו עסען. אַזאַ דייעבעטיקער נויטיגט זיך ניט אין אינסולין איינשפּריצונגען, סיידען ער איז זעהר אָפּגע־מאָגערט און מען וויל ער זאָל געווינען געוויכט.

ביי די מעהר ערנסטע דייעבעטיקער איז די פאַרקלענערונג אין דער מאָס זאַפט וואָס די פּענקריעז פּראָדוצירט אַזוי גרויס דאָס דער קראַנקער קאָן ניט פאַרנוצען גענוג שפייז אום אויפ־צוהאַלטען זיין קערפּער אין אַ געזונטען צושטאַנד, אַזאַ דייע־בעטיקער מוז נעמען אינסולין איינשפּריצונגען, און וואָס קלענער עס איז זיין שפּייז טאָלעראַנץ אַלץ מעהר אינסולין מוז ער נעהמען.

דער זעלבער כלל גילט אויך ביי דייעבעטישע קינדער. נאָר קינדער נויטיגען זיך אין פיעל מעהר שפייז ווי דערוואַקסענע מענשען. זיי דאַרפען האָבען פון דריי ביז פיער מאָל אַזוי פיעל

פראָטעין צו קאָנען בויען זייער קערפּער, ווייל זיי האַלטען נאָך אין וואַקסען. זיי דאַרפען אויך האָבען אַ גרעסערע מאָס קראָכמאָל און צוקער שפּייז ווייל זיי זיינען מעהר טהעטיג און פאַרנוצען פיעל ענערגיע.

קינדער רעאַגירען אויך פיעל גיכער צו ענדערונגען אין זייער דיעטע, אינסולין און טהעטיגקייט. דערפאַר דאַרף מען מעהר אויפפאַסען אויף דייעבעטישע קינדער ווי אויף דערוואַקסענע דייעבעטיקער.

עס איז ניט מעגליך צו באַשטימען אַלגעמיינע כללים וויפיעל שפּייז און וויפיעל אינסולין קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער דאַרפען נעהמען. ווייל ניט אַלע קינדער זיינען גלייך. און די שפּייז טאָלעראַנץ ענדערט זיך זעהר אָפט אפילו ביים זעלבען קינד.

אויב אַ כלל איז מעגליך אין אַזעלכע פאַלען קאָן עס זיין פאָלגענדער:

דייעבעטישע קינדער דאַרפען קריגען אַזוי פיעל שפּייז ווי עס קריגען נאָרמאַלע קינדער פון זעלבען עלטער, און גענוג אינסולין צו האַלטען זיי פריי פון איבעריגע צוקער. זיי דאַרפען אָבער זיין אונטער שטענדיגער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר און זעהר אָפט אונטערזוכט ווערען צו פאַרהיטען מעגליך שלעכטע פאָלגען פון פלוצלינגע ענדערונגען אין זייער צושטאַנד.

אין פאַרבינדונג מיט צוקער קראַנקע קינדער איז דאָ נאָך אַ פראגע וואָס באַאונרוהיגט זייערע עלטערן. די פראַגע איז: פון וואַנען האָט די קראַנקהייט זיך גענומען צו די יונגע קינדער?

עס איז שוין איצט קיין צווייפעל ניט, דאָס דייעביטיז איז א ירושה קראַנקהייט, אַז די פאַרקלענערטע פעהיגקייט צו פאַרנוצען צוקער שפּייז געהט איבער פון עלטערען צו קינדער, נאָר ניט אַלעמאָל אין זעלבען גראַד שטאַרקייט.

אָט די גע׳ירש׳ענטע פעהיגקייט ווערט אויך באאיינפלוסט פון דער אומגעבונג. די אומשטענדען אונטער וועלכע דאָס קינד לעבט, זיינע שפּייז געוואוינהייטען, א, א, וו.

אַ קינד קאָן ירש׳ענען אַ נייגונג צו דייעביטיז און זיינע

אומשטענדען און געוואוינהייטען קאָנען זיין אַזעלכע, דאָס די קראַנקהייט זאָל זיך ביי איהם קיינמאָל ניט ענטוויקלען. ער קאָן אָבער איבערגעבען די ירושה צו זיינע קינדער, ספּעציעל אויב ער הייראַט אַ מענשען וועלכער שטאַמט אויך פון אַ צוקער־קראַנקער משפּחה.

די אומשטענדען און לעבענס פאַקטאָרען קאָנען אויך זיין אַזעלכע דאָס די גע׳ירש׳ענטע שוואַכסטע נייגונג צו דייעביטיז זאָל זיך ענטוויקלען צו דער שטופע פון ערנסטער צוקער קראַנק־הייט.

דייעביטיז ביי אַ קינד איז דאַרום אַ גע׳ירש׳ענטע קראַנק־הייט. ווען איין קינד ליידט פון צוקער, דאַרף מען זאָרגפעלטיג אונטערזוכען די אַנדערע קינדער און אויך די עלטערען. נאָר דורך אַזעלכע אונטערזוכונגען און באַצייטענס אויסגעפינען די מעגליכע פאַלען פון דייעביטיז קאָן מען האָפען צו פאַרהיטען יענע פון קריגען די קראַנקהייט און דערמיט פאַרקלענערען די אַלע מאָל וואַקסענדע מחנות פון דייעבעטיקער.

דר. ב. דובאָווסקי

# די ענדערונגס פעריאָדע און דייעביטיז

אין אַלע סטאַטיסטישע אונטערזוכונגען וועגען דער צאָהל צוקער קראַנקע אין פאַרשיידענע לעבענס-אַלטער געפינט מען אויס, דאָס פרויען ליידען פון דייעביטיז מעהר ווי מענער, און די צאָהל דייעבעטישע פרויען ווערט זעהר פיעל פאַרגרעסערט אין די יאָהרען צווישען 40 און 50.

אין דעם לעבענס-אַלטער מאַכען פרויען דורך זייער מענאָ-פּאָוז (ענדערונג אין זייער געשלעכטס לעבען, „טשיינדזש אָוו לייף"). זיי הערען אויף צו מענסטרואירען, און זייערע געשלעכט דריזען ווערען וועניגער אַקטיוו.

די פראַגע וואָס פאַר א ווירקונג די דאָזיגע ענדערונג אין זייער קערפּער האָט אויף זייער פעהיגקייט צו מעטאַבאַליזירען (פאַרנוצען) צוקער שפּייז האָט אַלע מאָל אינטערעסירט די דאָק-טוירים וועלכע זוכען אויסצוגעפינען וואָס עס פאַראורזאַכט די צוקער קראַנקהייט.

איין דערקלערונג פאַר דער שייכות צווישען די מענאָפּאָוז און דייעביטיז איז, דאָס עס איז מעגליך, אַז די פּענקריעז דריזע ווערט אין דער צייט וויניגער אַקטיוו, פּונקט ווי די געשלעכטס דריזען ווערען וועניגער אַקטיוו. די פרוי איז דאַן וועניגער פעהיג צו פאַרנוצען צוקער שפּייז, און אויב זי עסט ניט וויניגער ווי פריהער, זאַמעלט זיך אָן צופיעל צוקער אין איהר בלוט און עס געהט אריבער אין איהר אורין.

א צווייטע דערקלערונג, וואָס קריגט לעצטענס מעהר און מעהר אָנהייננגער איז די פאָלגענדע:

ווען די געשלעכטס דריזען — אָוואַרים — ווערען ווייניגער אַקטיוו, ווערט די פאָדערשטע טייל פון דער פיטואיטערי דריזע מעהר אַקטיוו. דורך עקספּערימענטען איז באַוויזען געוואָרען, אַז אַ צו גרויסע מאָס פון דער אינערליכער פליסיגקייט פון פיטו־איטערי דריזע (די פאָדערשטע טייל פון דער דריזע) קאָן פאַר־אורזאַכען דייעביטיז. אין דער מענאָפּאָז, ווען די פרוי קריגט ווייניגער אינערליכע פליסיגקייט פון איהרע אָוואַרים, קריגט זי צופיעל פליסיגקייט פון איהר פיטואיטערי דריזע און דערפאַר קריגען אַ גרויסע צאָהל פרויען די צוקער קראַנקהייט ווען זיי מאַכען דורך זייער ענדערונגס פעריאָדע.

מיט דער דאָזיגער טעאָריע מיינט מען ניט צו דערקלערען אַז אַלע פאַלען פון דייעביטיז אין פרויען פון דעם עלטער ווערען פאַראורזאַכט אויף׳ן דערמאָנטען אופן. מען מיינט נאָר צו זאָגען, דאָס אַ געוויסע צאָהל פרויען קריגען דייעביטיז נישט אַלס פאָלגע פון אַ פעהלער אין זייער פּענקריעז נאָר אַלס פאָלגע פון אַ ניט־גענוגענדער פונקציע אין זייערע אָוואַרים.

די וויכטיגקייט פון דער דאָזיגער טעאָריע באַשטייט אין דעם וואָס עס קען ערמעגליכען צו קאָנטראָלירען אָדער אפילו באַזייטיגען די צוקער קראַנקהייט אין אַזעלכע פרויען דורך איינשפּריצונגען פון עקסטראַקטען פון אָוואַרים, אנשטאט זיי צו באַהאַנדלען מיט אינסולין. גרויסע דאָזעס פון אָווערי־ען עקסטראַקטען מאַכט איבעריג די צו גרויסע אַקטיוויטעט פון דער פיטואיטערי דריזע.

אין אַ געוויסער צאָהל פאַלען פון דייעביטיז ביי פרויען וועלכע מאַכען דורך זייער ענדערונגס פעריאָדע איז טאַקי גע־לונגען צו קאָנטראָלירען די צוקער מיט איינשפּריצונגען פון עקסטראַקטען פון געשלעכטס דריזען, און זייער צושטאַנד איז פיעל מעהר פאַרבעסערט געוואָרען ווי דער צושטאַנד פון די וועלכע זיינען באַהאַנדעלט געוואָרען מיט אינסולין.

דאָקטוירים האָבען שוין לאַנג פאַרדעכטיגט, אַז דייעביטיז איז אַ צושטאַנד וואָס קומט פון פאַרשיידענע אורזאַכען, און וואָלט געדאַרפט באַהאַנדעלט ווערען אויף פאַרשיידענע אופנים.

עס איז דאַרום זעהר מעגליך דאָס גאָר אינגיכען וועט אונז גע־לונגען אָפּצושיידען אַ גרויסע צאָהל צוקער קראַנקע פרויען וועמענס דייעביטיז עס ווערט פאַראורזאַכט פון די ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אין זייער קערפּער אַלס אַ פאָלגע פון זייער מענאַפּאָוז. און די דאָזיגע דייעבעטיקער וועלען באַהאַנדעלט ווערען באַזונדער, מיט בעסערע אויסזיכטען אויף ערפאָלגרייכען קאָנטראָל און מעגליכע קוראַציע ווי עס איז דערפאַל מיט צו־קער קראַנקע אין אַלגעמיין.

פרויען וועלכע מאַכען דורך זייער „ענדערונגס פעריאָדע", ווען זיי הויבן אָן ליידען פון היץ־כוואַליעס, שוויצען און נער־וועזיטעט, דאַרפען זיך ניט באַנוגענען מיט'ן תירוץ, אַז דאָס איז עטוואָס וואָס אַלע פרויען מאַכען דורך און צו וואָס עס איז קיין רפואה ניטאָ. עס איז יאָ דאָ אַ רפואה. מען קאָן די דאָזיגע אונאַנגענעהמע סימנים באַזייטיגען, און דערמיט נישט נאָר פאַר־גרינגערען דער פרוי'ס צושטאַנד נאָר אויך פאַרהיטען אַ מעג־ליכע ענטוויקלונג פון דייעביטיז.

ספּעציעל וויכטיג איז דאָס פאַר פיעלע פרויען וועלכע קומען פון משפחות אין וועלכע עס געפינען זיך צוקער קראַנקע.

# ווי אַזוי די צוקער קראַנקהייט ווירקט אויף עלטערע מענשען

די צוקער קראַנקהייט, „דייעביטיז״, באַגעגענט מען אפילו צווישען יונגע קינדער, אָבער די מעהרסטע צאָהל קרבנות פון אָט דער זיסער קראַנקהייט זיינען עלטערע מענשען.

די קראַנקהייט באַשטעהט אין דעם, וואָס דער קערפּער פאַרלירט די פעהיגקייט צו פאַרנוצען די גאַנצע מאָס צוקער, וואָס ווערט געשאַפען פון די שפּייז, וואָס מיר עסען. די איבערי־גע, די ניט פאַרנוצטע צוקער, בלייבט אינ׳ם בלוט, און ווען עס זאַמעלט זיך אָן צופיעל צוקער אינ׳ם בלוט, געהט אַ טייל דערפון אַרויס דורך די נירען, צוזאַמען מיט אונזער אורין.

גענוי פון וואָס די קראַנקהייט קומט, פון וואָס עס ווערט פאַראורזאַכט, וואָס עס באַרויבט דעם קערפּער פון זיין פעהיג־קייט צו פאַרנוצען אַזוי פיעל צוקער־שפּייז, ווי ער האָט פריהער געקאָנט טאָן, ווייסט מען נאָך ניט. די קראַנקהייט געהט, טייל־ווייז, איבער בירושה, אָבער ווען זי באַווייזט זיך צום ערשטען מאָל אין אָן עלטערען מענשען, איז אַ גרויסער פאַרדאַכט, אַז עס נעמט זיך דערפון, וואָס ער עסט מעהר וויפיעל זיין קערפּער קאָן פאַרנעמען.

עס איז נאַטירליך צו דערוואַרטען, דאָס אויף די עלטערע יאָהרען, ווען אַלע אברים ווערען אָפּגעשוואַכט און אַלע דריזען אַרבייטען וויינינגער, זאָל אויך דער שפּייז־פאַרדייאונגס אַפּאַ־ראַט ווערען שוואַכער. אָן עלטערער מענש איז וויינינגער טהע־טיג, ער פאַרנוצט וויינינגער ענערגיע, ער נויטיגט זיך אין וויינינ־גער שפּייז.

אָבער די מעהרסטע עלטערע מענשען ווייסען דאָס ניט. זיי עסען פונקט אַזוי פיעל, אויב ניט מעהר, ווי פריער. און עסען אַ סאַך מעהליגע אָדער צוקער שפּייזען בעת מען איז פיזיש ניט טהעטיג און דער קערפּער קאָן ניט „מעטאַבאָליזירען" אָדער פאַרנוצען אַזוי פיעל וויפיעל מען עסט, פיהרט עס צו אַן איבער־שוס פון צוקער אין קערפּער.

צוקער אין די אורין פון עלטערע מענשען, וועלכע האָבען אין זייערע יונגע יאָהרען ניט געליטען פון דייעביטיז, שיינט דאַרום צו זיין פּשוט אַ פראַגע פון עסען מעהר וויפיעל דער על־טערער, אָפּגעשוואַכטער קערפּער קאָן פאַרנוצען.

וואָס צו טאָן אין אַזאַ פאַל?

ווען מען געפינט צוקער אין די אורין פון אַן עלטערען מענ־שען, דאַרף מען אויך זיין בלוט אונטערזוכען פאַר צוקער.

אויב ער האָט אויך צופיעל צוקער אין זיין בלוט, דאַרף מען, מיט דער הילף פון אַ שפּייז טאָלעראַנץ פראָבע, אויסגע־פינען וויפיעל שפּייז זיין קערפּער קאָן נאָך פאַרנוצען. יעדער מענש קאָן פאַרנוצען, אָדער „מעטאַבאָליזירען", מעהר שפּייז וויפיעל זיין קערפּער דאַרף האָבען. אַ דייעבעטיקער קאָן פאַר־נוצען ווייניגער. דאַרף מען דאַרום אויסגעפינען אויף ווי וויית אָט די פעהיגקייט צו פאַרנוצען שפּייז איז פאַרקלענערט גע־וואָרען אָדער וויפיעל שפּייז דער באַטרעפענדער מענש קאָן נאָך יאָ פאַרנוצען ער זאָל ניט האָבען קיין איבעריגע צוקער אין זיין בלוט און קיין צוקער אין זיין אורין. אַזאַ פראָבע רופט מען: „שפּייז טאָלעראַנץ פראָבע".

נאָכהער דאַרף מען אויסרעכענען וויפיעל שפּייז דער מענש דאַרף פאַרנוצען, לויט זיין עלטער, געוויכט און אַרבייט, אום ער זאָל קענען אָנגעהן מיט זיין טאָג־טעגליכער טהעטיגקייט.

דאָן פאַרגלייכט מען די רעזולטאַטען פון די דאָזיגע צוויי אונטערזוכונגען. אויב דער מענש קאָן נאָך פאַרנוצען גענוג שפּייז, לויט זיינע באַדערפעניששען, איז גענוג צוצופּאַסען אַ דיעטע פאַר איהם, דאָס הייסט, ער דאַרף עסען נאָר אַזוי פיעל וויפיעל זיין קערפּער קאָן פאַרנוצען. אָבער אויב ער קאָן שוין

ניט פאַרנוצען אַזוי פיעל וויפיעל ער מוז האָבען יעדען טאָג, דאַרף ער, אַ חוץ אַ דיעטע אויך קריגען אינסולין איינשפּריצונגען, כדי איהם צו ערמעגליכען עסען אַזוי פיעל וויפיעל ער דאַרף עסען.

## אינסולין

אינסולין, ווי שוין פריהער דערקלערט, איז ניט אַ דראָג, וואָס דערלויבט דעם מענשען עסען וויפיעל ער וויל. אינסולין ווירקט „קוואַנטיטאַטיוו". דאָס הייסט, אַ געוויסע מאָס אינסולין, ווען איינגעשפּריצט אין קערפּער, מאַכט מעגליך צו פאַרנוצען אַ געוויסע מאָס צוקער־שפּייז. דורכשניטליך העלפט יעדער יוניט אינסולין פאַרנוצען צוויי גראַם צוקער. צו קאָנען עסען איין אונץ ברויט מעהר, ווי דער קערפּער קאָן אַליין פאַרנוצען, דאַרף מען דאַרום נעמען אַרום ניין יוניטס אינסולין.

עס איז דאַרום וויכטיג צו געדענקען, אַז אינסולין איינשפּריצונגען דאַרף נעמען דער דייעבעטיקער, ווען ער איז ניט פעהיג צו פאַרנוצען שפּייז אין אַזאַ מאָס, וואָס ער דאַרף האָבען כדי צו קאָנען זיין געזונט און טאָן זיין טעגליכע אַרבייט. און די מאָס אינסולין וואָס איינער קריגט, דאַרף צוגעפּאַסט ווערען צו זיינע באַזונדערע נויטען, עס זאָל איהם העלפען פאַרנוצען אַזוי פיעל שפּייז וויפיעל ער דאַרף פאַרנוצען יעדען טאָג.

דר. ב. דובאָווסקי

# מען טאָר ניט אָפּנאַרען דעם דאָקטאָר

אין די מערהרסטע קראַנקהייטען קאָן אַ פּאַציענט יאָ אָפּ־נאַרען זיין דאָקטאָר. ווען אַ דאָקטאָר זאָגט אָן אַ קראַנקען וואָס יאָ און וואָס ניט צו עסען, אָדער ער פאַרשרייבט געוויסע מעדי־צינען איז ער קיינמאָל ניט זיכער צי דער פּאַציענט האָט ריכטיג אויסגעפאָלגט די באַשטימטע פאַרשריפטען אָדער ניט. עס פּאַסירט טאַקי זעהר אָפט, אַז דער דאָקטאָר, ניט זעהענדיק קיין פאַרבעסערונג אין דער לאַגע פון דעם קראַנקען קומט צום שלוס דאָס די באַהאַנדלונגען זיינען ניט די ריכטיגע פאַר דעם פּאַציענט, ווערענד אין דער אמת'ען איז דער ניט פאַרבעסער־טער צושטאַנד אַ רעזולטאַט פון פּאַציענט'ס ניט פאָלגען וואָס מען האָט איהם געהייסען טאָן.

אָבער דער דאָקטאָר האָט קיין מעגליכקייט אויסצוגעפינען צי דער פּאַציענט פאָלגט אָדער ניט. ער מוז דעם קראַנקען גלוי־בען אויפן וואָרט.

אַנדערש איז אָבער דער פאַל מיט צוקער קראַנקע. דייע־בעטיקער קאָנען דעם דאָקטאָר ניט נאַרען. דאָס איז איין קראַנק־הייט אין וועלכער דער דאָקטאָר קאָן זעהר גרינג אויסגעפינען צו דער פּאַציענט עסט טאַקי נאָר אַזוי פיעל וויפיעל עס איז איהם דערלויבט צו עסען. אַבער, אין קיין אנדער קראַנקהייט זוכט ניט דער פּאַציענט אַזוי שטאַרק אָפּצונאַרען דעם דאָקטאָר ווי אין דייעבעטיז.

לאָמיר קודם כל זעהן וואָרום עס איז אַזוי גרינג פאַר אַ דאָק־טאָר אויסצוגעפינען צי זיין צוקער קראַנקער פּאַציענט עסט מעהר ווי מען האָט איהם דערלויבט.

אַזוי לאַנג ווי אַ מענש לעבט פאַרנוצט ער ענערגיע. אפילו

ווען ער טוט גאָר ניט, אפילו ווען ער שלאָפט, אַרבייט זיין קערפּער. זיין האַרץ קלאַפּט, זיין מאָגען, זיינע קישקעס און זיינע נירען אַרבייטען. כמעט אַלע טיילען פון זיין קערפּער זיינען טהעטיג, וועניגער טהעטיג ווי בעת דער מענש אַרבייט, אָבער, אין אַ פאַרקלענערטער מאָס, שטעלט זיך זייער טעטיגקייט קיינמאָל ניט אָפּ.

אינ׳ם טאָן די דאָזיגע אַרבייט פאַרנוצט דער קערפּער ענערגיע. און די דאָזיגע ענערגיע קריגט ער פון די שפּייז וואָס ער עסט. אויב דער מענש עסט צו וועניג, דאָס הייסט אויב ער פאַרנוצט מעהר אַרביימס-ענערגיע ווי די וואָס ער קריגט פון זיין שפּייז, פאַרלירט ער געוויכט. דאָס איז דערפאַר וואָס ער איז געצוואונגען צו פאַרנוצען אַ טייל פון זיין אייגענע אָנגעזאַמעלטע פעטס. אויב ווידער דער מענש עסט מעהר שפּייז וויפיל די אַרבייט פון זיין קערפּער פאָדערט, און אויב דער מענש קאָן נאָך „מעטאַבאָליזירען", דאָס הייסט פאַרנוצען, די איבעריגע מאָס שפּייז, קריגט ער צו געוויכט. די איבעריגע מאָס שפּייז ווערט אָפּגעלייגט אין קערפּער אין פאָרמע פון פעטס.

דורך וויסענשאַפטליכע אונטערזוכונגען האָט מען אויסגערעכענט גענוי וויפיעל אַ דורכשניטליכער מענש פאַרנוצט ענערגיע, לויט זיין געוויכט, יאָהרען און אַרבייט. מען האָט אויך אויסגעפונען וויפיעל ענערגיע אַ מענש קריגט ווען ער פאַרנוצט אַ געוויסע מאָס פון פאַרשיידענע שפּייזען.

וויסענדיג ווי אַלט אַ מענש איז, וויפיעל ער וועגט און וויפיעל אַרבייט ער טהוט קאָן מען גאַנץ גענוי אויסרעכענען וויפיעל שפּייז דער דאָזיגער מענש דאַרף פאַרנוצען יעדען טאָג ער זאָל קאָנען אַרבייטען און ער זאָל ניט פאַרלירען קיין געוויכט.

האָבענדיג אין זינען אָט די, עטוואָס לענגערע, אָבער נויטיגע דערקלערונג וועט אייך זיין גרינג צו פאַרשטעהן וואָרום מען קאָן ניט אָפּנאַרען דעם דאָקטאָר אין אַ פאַל פון דייעביטיז.

ערלויבט מיר דאָס צו אילוסטרירען מיט אַקטועלע פאַקטען כדי איהר זאָלט זעהן ווי אַזוי צוקער קראַנקע זוכען אָפּצונטרען

זייער דאָקטאָר, און נאַרען זיך אליין.

אַ פרוי, עטליכע און פופציג יאָהר אַלט, וועגט 170 פונט, קומט זיך באַקלאָגען אויף דייעביטיז. זי האָט אַ „ביסעלע צו־פיעל" צוקער אין איהר בלוט, אַ היבשע ביסעל צוקער אין איהר אורין. זי גיט צו אַז דאָס קומט אפשר דערפון וואָס זי „כאַפּט אַן איבעריגען ביסען", אָבער זי זאָגט צו אַז פון איצט אָן וועט זי זיין גוט און פרום. זי וועט עסען נאָר וואָס איך וועל איהר הייסען.

די פרוי וועגט מיט אַ 25 פונט מעהר וויפיעל זי וואָלט גע־דאַרפט וועגען. לויט איהר הויכקייט, געוויכט און אַרבייט, נוי־טיגט זי זיך אין אַ צוויי טויזענד פינף הונדערט קאַלאָרים אַר־בייט ענערגיע. פאַרשרייב איך איהר אַ דיעטע וואָס ענטהאַלט נאָר 1500 קאַלאָרים. מיין אויסרעכענונג דערביי איז דאָס זי וועט דערפון באַפרייט ווערען פון איהר איבעריגע צוקער און זי וועט פאַרלירען אַ צוויי פונט געוויכט יעדע וואָך.

ווען די פרוי קומט אין אַ וואָך אַרום האָט זי צוויי פּראָ־צענט צוקער אין צוויי קוואָרט אורין, און האָט נאָך צוגעקראָגען (געוואָונען) אנדערהאַלבען פונט געוויכט.

די צוקער וואָס איז אַרויסגעגאַנגען דורך איהר אורין האָט נאָך מעהר פאַרקלענערט איהר דיעטע. אויב זי וואָלט טאַקי גע־געסען נאָר אַזוי פיעל וויפיעל איך האָב איהר פאַרשריבען, וואָלט זי געדאַרפט פאַרלירען עטליכע פונט דורך דער וואָך. אָבער ניט נאָר האָט זי ניט פאַרלוירען קיין געוויכט נאָר זי האָט נאָך צוגעקראָגען אַנדערהאַלבען פונט.

עס זיינען דאָ אויסנאַמס־פאַלען אין וועלכע וואַסער ווערט פאַרהאַלטען אין קערפּער. דער מענש לייידט פון געשווילעכטס ניט פון פעטקייט. אָבער פון אַזעלכע פאַלען רעד איך דאָ ניט. אין דעם פאַל מיט דער פרוי האָט זי פשוט געגעסען מעהר ווי די דיעטע האָט איהר דערלויבט. אַלע איהרע פאַרזיכערונגען אַז זי האָט עס ניט געטאָן זיינען ווערטלאָז. די שטאַרק פאַרקלע־נערטע דיעטע קאָן ניט אויסהאַלטען די געוויכט פון אַזאַ מענ־שען און דערצו נאָך מאַכען איהר געווינען געוויכט.

# פאַרשיידענע תירוצים

אַהן אַ שיעור זיינען די תירוצים וואָס דייעבעטיקער גיבען אַן פּאָר עסען מעהר ווי זיי איז דערלויבט. ווען איך רעד אוים אַזאַ פּאַציענט פּאָר זיין „נאַשען" עקסטרא שפּייז פאַרזיכערט, ער, אָדער זי, מיר דאָס ער נאַשט נים. וואָס דער פּאַציענט מיינט צו זאָגען איז דאָס ער עסט נים קיין זיסע זאַכען ווי צוקער, שאָקאָ-לאַד אָדער קעיק. כאַפּען אַן עקסטרא שטיקעל ברויט אָדער אַ פּרוכט הייסט ביי אַזאַ מענשען נים גענאַשט. ער דענקט אַז דאָס מעג מען.

דער פאַרלאַנג צו עסען מעהר שפּייז גראָדע ווייל מען טאָר נים, איז אַזוי גרוים ביי דייעבעטיקער דאָס זיי רעדען זיך איין, אָדער זוכען אַנדערע איינצורעדען, פאַרשיידענע נאַרישקייטען, אין וועלכע אפילו אַ קליין קינד קאָן נים גלויבען. צום ביישפּיעל:

1. ברויט טאָר מען טאַקי נים עסען אָבער „טאָוסט" איז דאָך נים קיין ברויט.

טאָוסט איז געטרוקענטע ברויט, פון וועלכע אַ טייל פונם וואַסער איז אויסגעטרוקענט. די מאָס קאַרבאָהיידראַט, אָדער צוקער ווערט דערמיט נים פאַרקלענערט.

2. מצה איז דאָך זיכער נים קיין ברויט. מצה איז דאָך הארט און טרוקען, מעג מען עס דאָך מעהר ווי ברויט.

מצה ווערט געבאַקען פון מעהל פונקט ווי ברויט. מצה האָט ווייניגער לופט און ווייניגער פייכטקייט פון ברויט, דערפאַר איז לויט'ן געוויכט מצה רייכער און מעהליגער אָדער צוקער שטאָ-פען ווי ברויט איז.

3. מיט די מאַלצייטען טאָר מען טאַקי נים עסען מעהר ווי די דיעטע דערלויבט אָבער צווישען די מאַלצייטען ווען מען איז הונגעריג מעג מען דאָך עסען אַ שטיקעל ברויט, אַ פרוכט אָדער אַ קאָפּע מיט קעיק (מאַנכע זאָגען „פליינע" קעיק, נים קיין זיסע).

אַ דיעטע ווערט אויסגערעכענט אזוי דאָס זי זאָל ענטהאַל-

מען די גאַנצע מאָס שפּייז וואָס דער מענש דאַרף און קאָן פאַר־
נוצען דורכ׳ן טאָג.

יעדער ביסען שפּייז מעהר ווי די דיעטע דערלויבט הייסט
עסען מעהר און עס איז קיין אונטערשייד ניט צי מען עסט עס
מיט די מאָלצייטען, בעפאָר, צווישען אָדער נאָך די מאָלצייטען.

4. ווען מען זאָגט אַ צוקער קראַנקען דאָס ער עסט מעהר
וויפיעל מען האָט איהם דערלויבט, און אַז מען גלויבט ניט זיין
פאַרזיכערונג אַז ער טהוט עס ניט, פיהלט ער זיך באַליידיגט
אָבער דער פאָלגענדער פאַל קאָן דינען אַלס אַן אילוסטראַציע
פאַר אַזאַ ניט גלויבען.

אַ דייעבעטיקער װעלכער האָט, ווי מיר האָט געשיינט,
געגעסען מעהר שפּייז ווי זיין דיעטע האָט איהם דערלויבט,
האָט געבראַכט זיין פרוי אַלס עדות דאָס ער היט אָפּ זיין דיעטע
זעהר שטרענג. די פרוי האָט פאַרזיכערט דאָס זי אַליין גיט איהם
דאָס עסען און אַז זי איז זעהר שטרענג איהם צו געבען נאָר
די שפּייז און נאָר אין אַזאַ מאָס ווי עס איז פאַרשריבען אין
דייעט ליסט.

טאָ ווי קומט עס וואָס ער פאַרלירט ניט קיין געוויכט?
פרעג איך. לויט דער דיעטע וואָלט ער געדאַרפט פאַרלירען ווייל
די מאָס שפּייז איז ניט גענוג פאַר די צופיעל געוויכט וואָס ער
וועגט.

קאָן עס די פרוי ניט דערקלערען, אָבער זי פאַרזיכערט מיר
אַ סך מאָל דאָס זי גיט איהם ניט מעהר ווי די דיעטע דערלויבט.

נאָך אַ לאַנגער אויספאָרשונג געפין איך אויס דאָס נאָך
יעדער איינשפּריצונג פון אינסולין גיט זי איהם אויסטרינקען
אַ פולע גלאָז אָרענדזש זאַפט.

איז דאָס פאַרשריבען אויף דער דיעטע? פרעג איך.

ניין, נאָר איך האָב איהם דאָס אַלע מאָל געגעבען, האָב
איך געמיינט אַז מען מעג. אַ פולע גלאָז אָרענדזש זאַפט האָט
אַרום 25 גראַם צוקער.

איך געפין אויך אויס דאָס זי גיט איהר מאַן יעדען טאָג
אַ טעלער זופּ. דאָס שטייט אויך ניט אין דער דיעטע. אָבער

דערקלער איך איהר, ריינע זופּ האָט קיין שפּייז ווערטה ניט. מעגט איהר עס איהם געבען.

וואָס הייסט ריינע זופּ? באַמערקט די פרוי. ווער עסט עס ריינע זופּ. איך גיב איהם פאַרפעל, אָדער לאָקשען, אָדער רייז, אין זיין זופּ. וואָס הייסט עסען ריינע זופּ?

שטעהט עס אין דער דיעטע? פרעג איך.

ניין, — עס שטעהט ניט. אָבער איך האָב געמיינט . . .

און איהר האָט מיר נאָר וואָס פאַרזיכערט אַז איהר גיט איהם נאָר דאָס וואָס איז פאַרשריבען אויף דער דיעטע. האָב איך איהר פאַרגעוואָרפען.

כ'וויים... איך האָב געמיינט.. איז אַלעס וואָס די פרוי האָט געקאָנט זאָגען. זי האָט געמיינט אַז דאָס צוגעבען ערענדזש זאַפט, פאַרפעל, אַמאָל אַ קאַרטאָפעל, אָדער אַ סיריעל, הייסט ניט פאַרגרעסערען די מאָס שפּייז.

5. ווען מען רעדט אוים מאַנכע דייעבעטיקער, ספּעציעל פרויען, פאַרוואָס זיי האָבען צופיעל צוקער, מאַכען זיי געוועהנ־ליך אַ טרויעריגע מינע און ענטפערען:

„צרות, דאָקטאָר — איהר מיינט אַז די צוקער קומט פון עסען, פון די צרות, קומט עס, פון האַרץ ווייטאָג, פון זאָרג, דאגות. איהר זאָגט דאָך אַליין אַז פון אַזעלכע זאַכען קאָן קומען אַ סך צוקער.״

עס איז אמת דאָס זאָרג, עגמת נפש, אויפרעגונג און עהנ־ליכע עמאָציעס קאָנען פאַרגרעסערען די מאָס צוקער אין די אורין פון אַ דייעבעטיקער אָבער אויך אין דעם פאַל קאָן אַ דאָקטאָר זעהר גרינג אויסגעפינען צי דער קראַנקער נאַרט איהם אָפּ.

אויב אַ מענש עס ניט מעהר ווי פיעל זיין קערפּער מוז פאַר־נוצען יעדען טאָג און די אויפרעגונג און צרות מאַכען איהם צו פאַרלירען אַ גרעסערע מאָס צוקער אין זיין אורין, ווערט די דאָזיגע מאָס צוקער ארונטערגערעכענט פון דער מאָס שפּייז וואָס זיין קערפּער מוז פאַרנוצען. דעם קראַנקען בלייבט דאַן ווייניגער שפּייז און ער מוז פאַרלירען געוויכט. אָבער אויב דער

דאָזיגער דייעבעטיקער פאַרלירט ניט קיין געוויכט, אָדער ער גווינט נאָך, איז עס אַ סימן דאָס ער האָט געגעסען מעהר.

ווי איהר זעהט קאָן אַ קאָמפּעטענטער דאָקטאָר אַלעמאָל אויסגעפונען צי אַ דייעבעטיקער עסט נאָך אַזוי פיעל וויפיעל מען האָט איהם פאַרשריבען אָדער ער כאַפּט אַן איבעריגען ביסען. מען קאָן דעם גוטען דאָקטאָר ניט אָפּנאַרען. דער וואָס פּרובירט עס נאַרט זיך אַליין אָפּ.

# ווי אָפט און ווי לאַנג דאַרף א דייעבעטיקער געהן צום דאָקטאָר?

די פראַגע איז אַ זעהר וויכטיגע, אַן אָנגעוועהטאָגטע.

די מעהרסטע פּאַציענטען דיינקען אַז זיי דאַרפען געהן צו אַ דאָקטאָר נאָר איינמאָל אָדער צוויי מאָל און אויב דער דאָקטאָר קאָן זיי ניט מאַכען געזונד אין פאַרלויף פון דער צייט טויג ער ניט און זיי גייען צו אַן אַנדער דאָקטאָר, אָדער זיי הערען אויף אײנגאַנצען זיך צו קורירען.

זעהר אָפט פיהל איך זיך זעהר אונבאַקוועם ווען אַזאַ פּאַציענט פרעגט: דאָקטאָר, ווי לאַנג נאָך וועל איך דאַרפען קומען פאַר באַהאַנדלונגען? ספּעציעל אויב דעם פּאַציענט'ס פינאַנציעלע אומשטענדען זיינען ניט קיין גוטע, און אין א פרייען קליניק וויל ער ניט אָדער קען ניט געהן, איז די דאָזיגע פראַגע אַ זעהר פיינליכע.

וויל איך דאָ זיך לענגער אָפּשטעלען אויפ'ן דאָזיגען פּראָבלעם פון אָפטע באַזוכען ביי אַ דאָקטאָר.

עס זיינען דאָ צוויי סאָרטען קראַנקהייטען: (1) אַקיוטע (שאַרפע) און (2) כראָנישע.

אַקיוטע קראַנקהייטען זיינען אזעלכע וואָס קומען פּלוצלונג, דויערן אַ קורצע צייט, און גייען פאָריבער. דער חולה ווערט געזונט אָדער ער שטאַרבט. אַזעלכע קראַנקהייטען זיינען לונגען ענטצינדונג, דיפטעריא, אַפּענדיסיטיס, און ענהליכע.

די כראַנישע קראַנקהייטען ענטוויקלען זיך לאַנגזאַם און האַלטען אָן אַ לאַנגע צייט, אויב ניט אויפ'ן גאַנצען לעבען. אַזעלכע חולאת'ן זיינען די פאַרשיידענע פאָרמען פון האַרץ קראַנקהייטען, נירען קראַנקהייטען און צו-הויכער בלוט דרוק, אַרטרייטיס און דייעביטיז.

די מעהרסטע מענשען דענקען דאָס זיי ווערען קראַנק אויף אַזעלכע כראָנישע אונאָרדנונגען ערשט דאן ווען זיי דערפיהלען די סמנים פון זייער קראַנקהייט. און זיי דערוואַרטען דאָס אַזוי גיך ווי זיי וועלען געהן צו אַ דאָקטאָר און נעהמען זיין מעדיצין וועלען זיי גלייך געזונד ווערען. זיי זיינען שטאַרק ענטוישט ווע מען זאָגט זיי אַז דאָס איז ניט מעגליך.

וואָרום איז דאָס ניט מעגליך?

אונזער קערפּער איז אַ מאַשין וואָס זוכט אַליין צו פאַרריכ־טען איהרע פעהלערען. ווען עטוואָס אין אונזער קערפּער־מאַשי־נערי ווערט אויסער אָרדנונג זוכט דער קערפּער אַליין גוטצו־מאַכען דעם שאָדען. אין די מעהרסטע פאַלען באַזיצט אויך אונזער קערפּער אַזוי פיעל רעזערוו פון יעדער זאַך וואָס ער דאַרף האָבען דאָס אין פאַרלויף פון דער צייט וואָס ער שטרענגט זיך אָן צו פאַרריכטען זיין שאָדען קען ער פונקציאָנירען אויף אַ נאָרמאַלען אופן און מיר פיהלען גאָרניט אַז עטוואָס אויסער־געוועהנליכעס געהט אָן אין אונזער קערפּער.

אין פאַלען פון כראָנישע קראַנקהייטען, ווי „אַרטרייטיס", האַרץ קראַנקהייטען, נירען קראַנקהייטען אָדער דייעבּיטיז, קאָן דער קאַמף צווישען קערפּער און די שעדליכע איינפלוסען וואָס שטערען איהם, אָנגעהן יאָהרען לאַנג. ערשט ווען דער קערפּער פאַרלירט דעם קאַמף און ווערט באַשעדיגט, ערשט ווען ער שעפּט אוים זיין רעזערוו און קאָן מעהר ניט פונקציאָנירען אויף אַ נאָרמאַלען אופן, ערשט דאַן דערפיהלט זיך דער מענש קראַנק.

דער חולה איז גערעכט ווען ער זאָגט דאָס ער האָט ערשט ניט לאַנג צוריק דערפיהלט זיין קראַנקהייט. אָבער דער אמת איז דאָס דער פּראָצעס פון קראַנק ווערען, די ענדערונגען אין זיין קערפּער וועלכע האָבען סוף כל סוף פאַראורזאַכט די פיינ־ליכע סמנים, זיינען שוין אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע צייט איידער דער מענש האָט זיי דערפיהלט.

די מעהרסטע כראָנישע קראַנקהייטען טרעפט מען אויך ביי מיטעל יעהריגע אָדער ביי עלטערע מענשען. מענשען ווע־מענס קערפּער עס איז מעהר ניט אַזוי פעהיג צו פאַרריכטען באַ־

שעדיגטע טהיילען, און דער פּראָצעס פון פאַרבעסערונג, אפילו אונטער די בעסטע אומשטענדען, מוז דויערען אַ לאַנגע צייט.

איך האָב פריהער געזאָגט דאָס עס דויערט לאַנג איידער דער מענש דערפיהלט די שלעכטע סמנים פון אַ כראָנישער קראַנקהייט. מען דאַרף צו דעם נאָך צוגעבען אַז די מעהרסטע מענשען גייען ניט צו אַ דאָקטאָר אַזוי גיך ווי זיי דערפילען זיך קראַנק. די מעהרסטע מענשען וואַרטען, דענקענדיג אַז די שלעכטע סמנים וועלען פון זיך אַליין פאַראיבער געהן. זיי וואַרטען מיט דעם געהן צו אַ דאָקטאָר ביז זיי קאָנען שוין מעהר ניט אויסהאַלטען די אונאַנגענעהמליכקייטען אָדער די וועהטאָגען וואָס די קראַנקהייט פאַראורזאַכט..

אונטער אַזעלכע אומשטענדען וועט איהר אַליין פאַרשטעהן דאָס פאַרריכטען אַ שאָדען אין קערפּער וואָס האָט זיך ענטוויקעלט פאַר אַ לאַנגע צייט, קאָן מען ניט אַזוי גיך. אונטער די בעסטע און גינסטיגסטע אומשטענדען דאַרף די באַהאַנדלונג אָנהאַלטען אַ לענגערע צייט, איידער דער קראַנקער קאָן זעהן גוטע רעזולטאַטען, אויב עס איז איבערהויפּט מעגליך גוט צו מאַכען דעם שאָדען וואָס דער קערפּער האָט שוין געליטען.

דאָס איז ספּעציעל וויכטיג צו געדענקען פאַר די וואָס ליידען פון דייעביטיז, אַרטרייטיס, אַרטעריאָסקלעראָזיס, פאַרהאַרטעוועטע בלוט-רעהרען אין זייערע פיס אָדער זיינען אין געפאַהר צו קריגען גענגרין. מיר זיינען באַקאַנט אַ היבשע צאָהל פאַלען אין וועלכע די קראַנקע האָבען פאַרלאָרען די געדולד און האָבען אויפגעהערט צו געהן צום דאָקטאָר פאַר באַהאַנדלונגען דערפאַר וואָס זיי האָבען ניט געזעהן אַזוי גיך די גוטע רעזולטאַטען, וואָס זיי האָבען דערוואַרט. זיי זיינען געגאַנגען פון איין דאָקטאָר צום אַנדערען, דאַן האָבען זיי אינגאַנצען זיך אויפגעהערט באַהאַנדלען. די קאָנסעקווענצען, וואָס זיי האָבען געליטען, זיינען געוועזען זעהר טראַגישע.

די דאָזיגע פראַגע פון האָבען געדולד און פאַרטזעצען אָפטע באַהאַנדלונגען, איז וויכטיג אפילו פאַר די, וועלכע ליידען פון ניט קאָמפּליצירטע דייעביטיז. גאַר אַ סך מענשען, ווען מען

געפינט צוקער אין זייער אורין, גייען זיי צו אַ דאָקטאָר איין מאָל און דערוואַרטען, אַז דער דאָקטאָר זאָל שוין וויסען גענוי וואָס און וויפיעל זיי דאַרפען עסען, אָדער וואָס זיי דאַרפען טאָן געזונט צו ווערען. זיי דענקען, דאָס אַלע פאַלען פון דייעביטיז זיינען גלייך און אַז אַלעס וואָס דער דאָקטאָר דאַרף טאָן, איז צו פאַרשרייבען אַ דיעטע, וואָס זאָל זיין גוט פאַר אַ צוקער קראַנקען. ווען עס געלינגט זיי צו געבען צו פאַרשטעהן, דאָס ניט אַלע דייעבעטיקער זיינען גלייך, דאָס אַ דיעטע דאַרף צוגעפּאַסט ווערען צו יעדען באַזונדער, לויט זיינע ספּעציעלע נויטען, זיינען זיי וויליג צו קומען נאָך איין מאָל, אָבער ניט מעהר.

איינער פון מיינע פּאַציענטען האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט, דאָס מיט אַכט יאָהר צוריק האָב איך פאַרשריבען א דיעטע פאַר איהם. ער האָט זי אָפּגעהיט די גאַנצע צייט; ער האָט אלעמאָל געגעסען נאָר אַזוי פיעל וויפיעל עס איז געווען פאַרשריבען אויף דעם דייעט ליסט. און צום סוף איז געקומען אַן ענדערונג. מיט אַכט יאָהר צוריק האָט ער קיין צוקער ניט געהאַט און איצט, עסענדיג די זעלבע שפּייזען, האָט ער יאָ איבעריגע צוקער.

דאָס ער אַליין האָט זיך אַפשר געענדערט אין די אַכט יאָהר צייט, איז איהם גאָר ניט איינגעפאַלען; דאָס זיין שפּייז־טאָלע־ראַנץ האָט אין פאַרלויף פון די אַכט יאָהר געקאָנט פאַרקלענערט ווערען, דערפון האָט ער ניט געדענקט. וואָס ער האָט געמיינט איז, דאָס אַ דיעטע איין מאָל צוגעפּאַסט, דאַרף זיין גוט אויפ׳ן גאַנצען לעבען, און ניט נאָר איז ער מעהר ניט געקומען, נאָר ער האָט די גאַנצע צייט זיין אורין ניט געלאָזט אונטערזוכען.

דערפאַר וויל איך דאָ באַטאָנען: ווען איינער ליידט פון דער צוקער קראַנקהייט, דאַרף מען צוערשט אויסגעפינען ווי גרויס עס איז זיין שפּייז־טאָלעראַנץ, דאָס הייסט וויפיל שפּייז ער קאָן נאָך פאַרנוצען, און אויך וויפיעל שפּייז ער מוז פאַרנוצען, כדי צו זיין געזונט און אַרבייטס־פעהיג. אַ דיעטע קען דאַן צו־נויפגעשטעלט ווערען, וואָס זאָל פּאַסיג זיין ספּעציעל פאַר דעם באַטרעפענדען מענשען.

און ווען עס געלינגט שוין צו קאָנטראָלירען דעם דייעבעטי־

שען צושטאַנד און באַפרייען דעם מענשען פון איבעריגע צוקער, מיינט עס ניט, אַז ער איז שוין קורירט און דאָס ער מעג שוין עסען וואָס און וויפיעל ער וויל. עס מיינט נאָר, דאָס אַזוי לאַנג ווי דער מענש וועט עסען נאָר אַזוי פיעל וויפיעל זיין שפּייז־טאָלעראַנץ דערלויבט איהם, וועט ער זיין פריי פון איבעריגע צוקער.

אָבער ענדערונגען אין אומשטענדען, אין ארבייט, אין עסען און אפילו אינם גייסטיגען צושטאַנד פון דעם קראַנקען, ענדערען זיין שפּייז־טאָלעראַנץ. דערפאַר דאַרף יעדער צוקער קראַנקער פון צייט צו צייט באַזוכען זיין דאָקטאָר פאַר אַ „טשעק־אַפּ". און די מאָס שפּייז זיינע דאַרף געענדערט ווערען לויט די גע־ענדערטע אומשטענדען.

ווי אָפט אַזעלכע וויזיטען דאַרפען זיין, ווענדעט זיך אָן דער ערנסטקייט פון דער לאַגע און אָן דער גרינגקייט, מיט וועלכער מען קען דעם דייעבעטישען צושטאַנד קאָנטראָלירען. דאָס איז גערעדט אין די איינפאַכע, אין די ניט קאָמפּליצירטע פאַלען פון דער צוקער קראַנקהייט. דייעבעטיקער, וועלכע ליידען אויך פון קאָמפּליקאַציעס, מוזען זיין אונטער שטענדיגער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר, ביז די קראַנקהייט איז אונטער פולען קאָנטראָל. נאָר אויף אַזאַ אופן און אונטער אַזעלכע באַדינגונגען קען דער דייעבעטיקער זיין אַ „געזונטער" ארבייטס־פעהיגער מענש. פאַרנאַכלעסיגטע דייעביטיז איז אַ זעהר ערנסטע קראַנקהייט.

דר. ב. דובאָווסקי

# ווי צו אונטערזוכען די אורין פאַר צוקער

צו קאָנען אונטערזוכען די אורין און אויסטייטשען אַ באַ־ריכט פון א גרינדליכער אונטערזוכונג פון די אורין, איז ניט אַזא גרינגע איפגאַבע און עס פאָדערט זיך דערצו אַ היבש ביסעל קענטעניס.

אָבער יעדער צוקער קראַנקער קאָן זיך אויסלערנען ווי אַזוי צו אונטערזוכען די אורין פאַר איין זאך — צוקער. און ווערענד ער וועט ניט קאָנען זאָגען גענוי וויפיעל פראָצענט ער האָט אין זיין אורין וועט ער אָבער קאָנען אורטהיילען צי ער האָט גאָר קיין צוקער ניט, צי ער האָט ווייניג אָדער אַ סאך איבעריגע צוקער.

אָפטע אונטערזוכונגען פון די אורין ווייזען דעם צוקער קראַנקען צי ער געהט אָן ריכטיג מיט זיין דיעטע, און צי זיין לאַגע ווערט ניט ערגער.

אָפטע אורין אונטערזוכונגען זיינען ספּעציעל נויטיג פאַר די וועלכע באַנוצען זיך מיט אינסולין איינשפּריצונגען. מיט דער הילף פון אורין אונטערזוכונגען קאָנען זיי וויסען צי די מאָס אינסולין וואָס זיי נעהמען פון טאָג צו טאָג איז גענוג, צו־ווייניג אָדער צופיעל.

אונטערזוכען פאַר צוקער דאַרף מען די אורין וואָס מען זאַ־מעלט אָן פאַר אַ גאַנצען מעת־לעת. מאַנכע האַלטען זיך נאָך אַלין אין דער אַלטער געוואוינהייט צו אונטערזוכען די ערשטע אורין וואָס מען לאָזט אין דער פריה. דאָס איז אַ טעות. די מאָס צוקער וואָס געהט אַרויס מיט דער אורין איז ניט גלייך דורכ׳ן טאָג. פאַר׳ן עסען געפינט זיך ווייניגער צוקער אינם מענשענ׳ס

אורין. נאָכ׳ן עסען געפינט זיך מעהר. ווען מען זאַמעלט די אורין פאַר אַ גאַנצען מעת-לעת קריגט מען די דורכשניט מאָס צוקער וואָס דער מענש פאַרליהרט דורכן טאָג.

די מאַטעריאַלען צו פּרובירען די אורין פאַר צוקער באַשטעהען פון אַ כעמישער אויפלעזונג פון קופּער סאָלפעיט, וואָס מען רופט: **בענעדיקט״ס קוואַליטאַטיוו אויפלעזונג.**
אויף ענגליש:

**Benedict's Qualittative Solution.**

אַ גלעזערנע רעהרעל — אויף ענגליש:

**A Test Tube.**

און א שיסעלע קאָכענדע וואַסער.

(בענעדיקט׳ס סאָלושאָן, באַשטעהענד פון קופּער סאָלפעיט, איז בלוי).

אין דעם טעסט-טיוב גיסט מען אַריין אַ טהעע לעפעלע פון דער בלויער פליסיגקייט און מען גיט צו פון אַכט ביז צעהן טראָפּענס אורין. מען שטעלט עס דאַן אַריין אינם קאָכענדיגען וואַסען פאַר פינף מינוטען צייט. נאַכהער נעמט מען אַרויס דאָס גזעלערנע רעהרעל פונ׳ם הייסען וואַסער און מען לאָזט עס אָפּקיהלען.

אויב די אורין איז פריי פון צוקער בלייבט די פליסיגקייט **בלוי**, ווי זי איז פריהער געוועז.

אויב די פליסיגקייט אינ׳ם רעהרעל ווערט **גרין** מיינט עס אַז די אורין האָט אַ ביסעלע צוקער.

אויב דער קאָליר פון דער פליסיגקייט בייט זיך אויף **געל** מיינט עס אַז די אורין האָט אַ היבש ביסעל צוקער.

און אויב די קאָליר ווערט **רויט** מיינט עס אַז די אורין האָט זעהר אַ סאַך צוקער.

אויף אַזאַ אופן קאָן יעדער צוקער קראַנקער אַליין פּרובירען זיין אורין, און דערמיט העלפען רעגולירען זיין באַהאַנדלונג.

# טרייסט און וואָרנונג פאַר צוקער קראַנקע

זעהר אָפט קומט מיר אויס צו אַרגומענטירען מיט צוקער קראנקע פּאַציענטען, וועלכע געבען ניט גענוי אַכטונג אויף זייער געזונט אָדער היטען ניט אָפּ זייער דיעטע.

די דאָזיגע פּאַציענטען קאָנען איינגעטיילט ווערען אין צוויי קלאַסען. די פּעסימיסטען און די אָפּטימיסטען. די פּעסימיסטען זיינען די וועלכע זאָגען דאָס סיי ווי העלפט ניט די באַהאַנדלונג פאַר דייעביטיז, א סימן איז דאָס, טראָץ דעם וואָס מען באַנוצט זיך איצט מיט אינסולין איינשפּריצונגען שטאַרבען נאָך היינט מעהר דייעבעטיקער ווי אַמאָל, ווען עס איז נאָך קיין אינסולין ניט געווען. לוינט זיך דאַרום ניט צו זיין פאָרזיכטיג, זיך צו באַרוי־בען פון׳ם פאַרגעניגען צו עסען וואָס און וויפיעל מען וויל.

די אָפּטימיסטען זיינען די וועלכע זאָגען, אַז דער שאָדען פון דייעביטיז ווערט שטאַרק איבערטריבען, אַז האָבען צוקער אין די אורין אָדער צופיעל צוקער אי׳ם בלוט איז גאָר ניט אַזוי שעדליך ווי מען מאַכט דעם „סטראַשאַק״, און דאַרום דאַרף מען ניט זיין אַזוי שטאַרק פאָרזיכטיג מיט׳ן עסען און ניט שענ־קען אזוי פיעל אויפמערקזאַמקייט צו דעם וואָס די דאָקטוירים זאָגען וועגען דייעביטיז.

פאַר אָט די ביידע קלאַסען דייעבעטישע צווייפלער וועט זיין זעהר אינטערעסאַנט צו באַטראַכטען די טאַבעלען, וועלכע זיי־נען ניט לאַנג צוריק פאַרעפענטליכט געוואָרען פון דער מעטראָ־פּאָליטען לייף אינשורענס קאָמפּאַני וועגען דער שטערבליכקייט פון צוקער קראַנקע אין די לעצטע עטליכע יאָהר.

לויט די טאַבעלען (און די מעטראָפּאָליטען לייף אינשורענס קאָמפּאַני האָט די בעסטע און פאַרטרויאונגסווערטסטע סטאַטיס־טישע ביוראָ אין דער וועלט), קומט אויס דאָס אין די לעצטע פינף יאָהר איז דער פּראָצענט טויטען פאַלען צווישען צוקער קראַנקע שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרען כמעט אין אַלע לענ־דער. די דורכשניטליכע פאַרגרעסערונג אין טויטען פאַלען איז אַרום 20 פּראָצענט אין די לעצטע פינף יאָהר, און אַרום 50 פּראָ־צענט אין די לעצטע פופצעהן יאָהר.

אויפ'ן ערשטען בליק קאָן דאָס אויסזעהן מאָדנע. אין די לעצטע פינף יאָהר ווערען די מעהרסטע דייעבעטיקער באַהאַנ־דעלט פיעל בעסער ווי אַמאָליגע יאָהרען. און דאָך האָלט אין איין שטייגען דער פּראָצענט טויטען פאַלען צווישען די ליידענ־דע פון דער צוקער קראַנקהייט. מיינט עס אַז די מאָדערנע באַהאַנדלונג פון דייעבעטיז איז ניט ווירקזאַם?

אַזוי וואָלט עס אויסגעזעהן אויפ'ן ערשטען בליק אָבער ווען מען קוקט זיך צו צום עלטער פון די וועלכע שטאַרבען פון דייע־ביטיז ווערט די לאַגע קלאָרער. די פאַרגרעסערונג אין דער שטערבליכקייט פון דייעבעטיקער איז נאָר צווישען די עלטערע מענשען. צווישען יונגע דייעבעטיקער איז די שטערבליכקייט איז פאַרלויף פון די לעצטע פינף יאָהר, שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרען.

לויט די זעלבע טאַבעלען פון דער אינשורענס קאָמפּאַני קומט אויס דאָס צווישען מענער דייעבעטיקער, **אין עלטער פון** 1 ביז 14 יאָהר איז די שטערבליכקייט פאַרקלענערט געוואָרען אויף 27 פּראָצענט; צווישען די וואָס זיינען פון 15 ביז 24 יאָהר אַלט, איז די שטערבליכקייט פאַרקלענערט געוואָרען אויף 24 פּראָצענט; צווישען די וואָס זיינען פון 25 ביז 34 יאָהר אַלט איז די שטערבליכקייט פאַרקלענערט געוואָרען אויף 47 פּראָ־צענט; צווישען די וועלכע זיינען פון 35 ביז 54 יאָהר אַלט איז די שטערבליכקייט פאַרקלענערט געוואָרען אויף 6 פּראָצענט.

**דאָס מיינט אַ,ז צווישען מענער דייעבעטיקער פון איינס** ביז פופציג יאָהר אַלט איז די שטערבליכקייט זעהר פיעל פאַר־

קלענערט געוואָרען. גרעסער איז געוואָרען די צאָהל טויטען פאַלען צווישען די עלטערע מענער, צווישען די וואָס זיינען 65 יאָהר און עלטער.

אַמאָל, פאַר דער אינסולין פעריאָדע, האָבען צוקער קראַנקע זעלטען דערלעבט אַזאַ הויכען עלטער. דערפאַר איז דער פראָצענט טויטען פעלע צווישען די יונגע דייעבעטיקער געווען גרעסער און עס זיינען געווען וויניגער עלטערע דייעבעטיקער צו שטאַרבען. היינט שטאַרבען וויניגער צווישען די יונגערע דייעבעטיקער. אַ גרעסערע צאָל פון זיי דערלעבט אַ העכערע עלטער, דערפאַר איז שטאַרק פארגרעסערט געוואָרען דער פראָצענט שטערבליכקייט צווישען עלטערע דייעבעטיקער.

אַ צווייטער פונקט וואָס די דאָזיגע טאַבעלען ציינען איז דאָס פרויען ליידען פון דייעביטיז מעהר ווי מענער. מעהר מיידלאַך ווי אינגלאַך שטאַרבען פון דער צוקער קראַנקהייט. די פאַרקלענערונג אין דער שטערבליכקייט צווישען יונגע דייעבעטיקער איז וויניגער צווישען פרויען ווי צווישען מענער, און די העכערונג אין דער שטערבליכקייט ביי פרויען הויבט זיך אָן פיעל פריהער ווי ביי מענער.

מיט אַנדערע ווערטער, די צוקער קראַנקהייט איז פיעל ערנסטער און געפעהרליכער פאַר פרויען ווי פאַר מענער. ספּעציעל אין עלטערע פרויען. צווישען פינף און זעכציג יעהריגע מענשען איז די צאָל צוקער קראַנקע פרויען צוויי און אַ האַלב מאָל אַזוי גרויס ווי די צאָל צוקער קראַנקע מענער.

יעדענפאַלס איז עס אַ גרויסע טרייסט צו וויסען דאָס אַ דאַנק דער מאָדערנער באַהאַנדלונג פון דייעבעטיקער איז די שטערבליכקייט צווישען זיי אין די לעצטע 5 יאָר ניט נאָר ניט פאַרגרעסערט געוואָרען, ווי אַן אויבערפלעכליכער בליק אויף די ציפערן ציינט, נאָר איז שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרען. גרעסער איז די שטערבליכקייט נאָר צווישען די עלטערע מענער און פרויען פון 55 (פרויען) אָדער 65 (מענער) יאָהר און עלטער. און די האָבען דערגרייכט אַזאַ הויכען עלטער אַ דאַנק דער דערפאָלגרייכער מאָדערנער באַהאַנדלונג פון צוקער קראַנקע.

אָבער די טאַבעלען פון דער מעטראָפּאַליטען לייף אינשו־רענס קאָמפּאַני ברייינגען אַרויס אויך אַ צווייטער פאַקט וואָס דאַרף דינען אַלס אַ וואָרנונג פאַר אַלע צוקער קראַנקע.

עס איז אַ גוט באַקאַנטער פאַקט, אַז די צאָל טויטען פאַלען פון האַרץ קראַנקהייט האַלט אין איין שטייגען און פאַרגרעסערט ווערען פון יאָהר צו יאָהר. ספּעציעל ווערט גרעסער די צאָל פון די ביי וועמען די קאָראָנערי אַרטעריען (די בלוט רעהרען אַרום האַרץ) ווערען שמעלער, פאַרהאַרטעוועט אָדער פאַרשטאָפּט, אין די לעצטע צעהן יאָהר האָט די צאָל טויטען פאַלען פון אַזעל־כע האַרץ קראַנקהייטען זיך כמעט פאַרדאָפּעלט.

ציינגט זיך אַרויס אַז צווישען דייעבעטיקער איז די צאָל ליידענדע פון אַזעלכע קראַנקהייטען פיעל גרעסער ווי צווישען ניט דייעבעטיקער. און וואָס לענגער די צוקער קראַנקהייט האַלט אָן אַלץ גרעסער איז די צאָל האַרץ קראַנקע צווישען זיי

דאָס מיינט, אַז די צוקער קראַנקהייט האָט אַ דירעקטע שעדליכע ווירקונג אויפ׳ן האַרץ און אויף די בלוט רעהרען פון האַרץ. און וואָס לענגער די צוקער קראַנקהייט האַלט אָן אַלץ גרעסער איז דער שאָדען.

דאָס דאַרף זיין אַ וואָרנונג צו אַלע דייעבעטיקער ניט צו פאַרנאַכלעסיגען זייער קראַנקהייט אונגעאַכטעט אויף דעם ווי גרינג זי זאָל ניט זיין.

פאַרנאַכלעסיגטע דייעבעטיז איז אַן ערנסטע קראַנקהייט. ווען ריכטיג באַהאַנדעלט קאָן יעדער דייעבעטיקער ניט נאָר לע־בען לענגער נאָר אויך אויפהאַלטען זיין געזונט און זיך אויס־היטען פון ערנסטע קאָמפּליקאַציעס.

## KNEIDLACH ( MATZO BALLS )

Mix two table spoons of matzo meal, one egg, one teaspoon of butter, oil or schmaltz, some salt (others add some water to it,) knead it with your hands and divide it into three matzo balls. They could be cooked in soup or fried. The food value of each matzo ball is: ten gram of carbohydrates, five gram of protein and four gram of fat.

## MATZO LATKES ( PANCAKES )

Mix two table spoons of matzo meal or matzo farfel, with one egg, one tea spoon of fat and some salt ( a little bit of water, if you wish too ). Break the egg, mix in the flour, and bake on a hot frying pan with fat. Divide it into three pancakes. The food value of each pancake is around ten gram of carbohydrates, five gram of protein and four gram of fat.

Take 90 gram of cabbage, 45 gram of tomato, 15 gram of onions. Cut the cabbage and the onions and boil them in water together with the bones and meat. Then add the tomatoes ( fresh or canned ) and cook approximately for half an hour till the cabbage is soft. You can do the same thing with the other vegetables instead of with cabbage.

The food value of such soup is: 5½ gram of carbohydrates and 2½ gram of protein. The heat energy value, though, is only 32 calories.

## MUSHROOM SOUP

Milchige ( dairy )

Take 60 gram of mushrooms, 10 gram of onions, half an ounce of cream. Cut the mushrooms and onions, boil in salty water till they get soft. Serve with the cream.

The food value of such soup is: 4 gram of carbohydrates, 2 gram of protein and 6 gram of fat 78 calories.

## FLEISHIGE MUSHROOM SOUP

Cut two ounces of mushroom and cook them in pure meat soup or chicken soup. The food value of such soup lies only in the value of the mushrooms: 2 gram of carbohydrates and 1 gram of protein. 12 calories.

## EGG LATKES (PANCAKES)

Grind a quarter of a pound potatoes, rinse them well and dry them clean of the water. Then you mix in two eggs, some salt, stir it well and fry it on a pan in butter, oil or schmaltz. Divide it into three pancakes. Each pancake contains: practically no carbohydrates, only five gram of protein and five gram of fat.

## FLEISHIGE BORSCHT

150 gram ( 5 ounces ) of beets;
One yoke of an egg;
Saccharine.

Slice the beets and cook them, together with the meat and bones, for 1½ hour. Add enough salt and saccherine to make it taste well. Add a well-beaten yoke of an egg in order to make the soup thicker. Serve when the soup is hot.

If the diabetic patient decides to eat meat with this meal, he can eat the meat from the borscht; if not, he can eat the borscht only.

The food value of this soup without the meat is: 13 gram carbohydrates, 6 gram protein and 6 gram fat — 1—30 calories.

## SPINACH SOUP, CABBAGE SOUP, SCHAV

Take 200 gram of spinach, cabbage or schav, one yoke of an egg, 30 gram of sour cream. Wash the vegetables and cut them into tiny pieces. Cook them in salty water till they get soft. Beat the yoke of the egg and mix it into the soup it should get thicker. Cool off the soup and serve it cold with sour cream.

The above amount of vegetables, egg and cream is sufficient for two helpings of soup.

The food value of both helpings ( portions ) is: eight gram of carbohydrates, seven gram of protein and eighteen gram of fat. 220 calories. One portion naturally amounts to half of the food value.

These are dairy soups. The chief nourishment of such soup lies in the fat that is added to it. The same spinach soup or cabbage soup or schav could be prepared as a fleishige soup, but the food value will be greatly reduced.

Each of the mentioned diets contains around one hundred gram of carbohydrates, approximately sixty gram of protein and about one hundred gram of fat. The food value of such diet is around 1,500 calories. The food mentioned in these diets should be prepared: Here are some explanations how

## VEGETABLE SOUP

Take 15 gram ( half an ounce ) of celery, 45 gram ( 1½ ounces ) of carrots, 45 gram of onions, 45 gram of string beans, 45 gram of green peas, 15 gram ( half an ounce ) of heavy - 40% - cream, 5 gram ( a teaspoonful ) of butter. Cook the vegetables in a small amount of salty water till they get soft. Add the green peas and the butter and cook it for another few minutes. Before serving the soup, add the cream to it. You can also mash the peas and make a thick soup.

The food value of such soup is very limited — 4½ grams of carbohydrates,2 gram of protein and ten gram of fat — 120.

This soup is a milchige and it can be served with a dairy meal.

You can also make a vegetable soup mixed with meat soup. This is the way you can do it.

Cook 30 gram ( one ounce ) of celery, 30 gram of tomato, 30 gram of carrots, 30 gram of onions, 30 gram of turnips, 30 gram of string beans. When the vegetables are ready, add a cup of pure meat soup.

Pure soup of fowl or meat practically has no food value. The value of the soup described above, however, contains: 3 gram carbohydrates and 1 gram protein, which adds up to 16 calories. This adds little to the meal, but the diabetic feels that he eats somewhat more than pure watery soup.

## DIET NO. 7

*Breakfast*

A small glass of tomato juice; two pancakes of matzo meal with two ounces of cream; one egg; coffee with cream.

*Lunch*

Pure soup of fowl with one matzo ball; ¼ pound of fowl; half a cup of spinach; a small helping of cooked fruit ( dessert ); a glass of tea.

*Evening Meal*

Vegetable soup; two ounces ( ¼ glass ) of cream; half a matzo; coffee with one ounce of cream.

## DIET NO. 8

*Breakfast*

One orange, sliced; two fried eggs; half a matzo; one teaspoon of butter; a glass of milk.

*Lunch*

Milchige ( dairy ) vegetable soup; ¼ pound of fish; salad consisting of letus, tomatoes, celery, cucumbers, olives ( added a teaspoonful of olive oil or other fat );; half a matzo dessert consisting of apples and prunes.

*Evening Meal*

Dairy mushroom soup; one matzo pancake; two ounces ( ¼ glass ) of cream; half a matzo; coffee and one ounce of cream.

## DIET NO. 5

*Breakfast*

Juice from one orange; a table spoon of matzo farfel ( barley ) with two ounces ( 1/4 glass ) of cream for those accustomed to eat cereal in the morning; one egg; coffee with two table spoons of cream.

*Lunch*

Soup of schav; 1/4 pound of fish; half medium-sized potato ( 50 gram ); half a cup of green peas and string beans; half a matzo; 3 stewed prunes.

*Evening Meal*

Milchige ( dairy borcht ); one ounce of farmer cheese; two ounces of cream; half a matzo; coffee with two table spoons of cream.

## DIET NO. 6

*Breakfast*

Juice from half a grape fruit; half a matzo, broken up in pieces and fried with an egg and a teaspoonful of butter; a glass of milk.

*Lunch*

Spinach soup; 1/4 pound of meat or fowl; one matzo pancake; half a cup of carrot and beans; half a matzo; glass of tea.

*Evening Meal*

One ounce of cream cheese; four ounces of cream; a small baked apple; half a matzo; coffee with cream.

## DIET NO. 3

*Breakfast*

Three stewed prunes with two ounces (1/4 glass ) of cream; one egg; half a matzo; half a glass of milk.

*Lunch*

A plate of soup with one matzo ball; quarter pound of fowl or meat; salad consisting of two thirds cups of celery, letus, cucumber, tomatoes; half a matzo; a glass of tea.

*Evening Meal*

Milchige ( dairy ) borscht; half a peach; 1/4 glass of cream 1/4 matzo; coffee wiah one ounce of cream.

## DIET NO. 4

*Breakfast*

One baked apple; two ounces of cream; one egg ( scrambled ); one teaspoon of butter; half a matzo; coffee with one ounce of cream.

*Breakfast*

Vegetable soup ( with meat ); 1/4 pound of meat or fowl; one pancake ( of matzo ); 1/2 matzo; dessert consisting of one apple or three prunes or 1/2 a peach.

*Evening Meal*

Vegetables with half a glass of cream; one egg, one matzo pancake; coffee with one ounce of cream.

## DIET NO. 1.

*Breakfast*

One oange

Two egg pancakes with two ounces (1/4 glass) of cream;

coffee with two table spoons of cream.

*Lunch*

A plate of chicken soup with a table spoon of matza meal and one kneidel ( matzo ball ); a 1/4 of a pound of fowl or meat; half a cup of cooked carrots, parsnips, etc. half a matzo; a glass of tea.

*Evening Meal*

One smalll baked apple; two ounces of cream; one egg; one matza; two teaspoons of butter; coffee with two table spoons of cream.

## DIET NO. 2

*Breakfast*

Half a grape fruit; matza fry ( one half ) with one egg; one teaspoon of butter; a glass of milk.

*Lunch*

Vegetable soup; 1/4 pound boiled fish; one medium-siz ed potato; half a matzo; a glass of tea.

*Evening Meal*

One ounce of cheese; half a glass of cream; one egg; half a matzo; a teaspoon of butter; coffee with cream.

## SPECIFIC PASSOVER MEALS

We often hear the complaint: Why can some diabetics eat more than others are permitted to eat? To understand that we must bear in mind that a diabetic is a person whose abilities to metabolize food, especially carbohydrate foods, (sugars and starches is decreased. But diabetics vary in their food tolerance. Some can still metabolize more than others. Therefore, the food tolerance of a diabetic must be determined in each case, and the diet suited to the particular person.

The diets given below are for diabetics who can tolerate, daily, at least, 100 grams of carbohydrate-60-70, grams of Protein, and 100 grams of Fat. The diabetic whose tolerance is greater may add to this diet. If his tolerance is lower, he may need a given amount of insulin to help him use, at least that amount.

Knowing that your doctor can prescribe for you a diet which would give you the amount of food which your body can tolerate — That amount of food doesn't vary during the Passover week. It remains the same as during the rest of the year.

But the Passover meals differ from the meals of the rest of year, you may argue.

Are they really different? Your ordinary meals consist of:

Bread, Cereals, Milk, Cream, Butter, Cheese, Eggs, Meat, Fish, Chicken, Soup, Fruit and Vegetables. With the exception of bread and cereals, the same foods are used during the Passover holiday. Matzes and Matzo-meal may be substituted for the bread and cereal.

Therefore the quality of food a diabetic consumes during the Passover week should be the same his body is able to metabolize during any other similar period of days. The kind of meals he heats need not differ from his regular meals he ate before, substituting Matzos for bread.

And what about drinking wine at the Passover Seder?

Wine contains about 10—20 per cent of sugar. If one drinks a quantity of— it, the amount of sugar thus consumed must be deducted from the toal amount of carbohydrate permitted for the given meal. The sugar contents of the wine must be counted as part of the meal.

## PASSOVER MEALS FOR DIABETICS

Passover is a national as well as a religious holiday. Jews the world over celebrate this week with, among other things, feasting, eating especially prepared passover meals.

These meals differ from the ordinary meals eaten during the rest of the year not only in kind but also in quantity. More food is consumed during the week of Passover than during any other similar period throughout the year.

Some Jewish Diabetics, especially those who are reluctant to adhere to the restricted diet prescribed for them by their physicians, use the Passover holiday as an excuse for eating freely of the richly prepared meals. They also drink freely of the wine used ritually at the Passover feats. (Cedurim). The results of such reckless action is that their diabetic condition becomes worse.

But, such careless diabetic may ask. I am anxious to observe the rituals of the Passover celebration and to eat only Passover meals. How could I do that?, if I keep to my regular everday diet?

The answer to that query is that it can be done, and it is easy to do it.

Here is how it can be accomplished.

Let your doctor determine your food tolerance. With the aid of a test diet, a blood and a urine examination for sugar, the doctor could find out how much carbohydrate food your body can tolerate, that means, how much of sugar producing food you can eat without spilling sugar in your urine.

4. If you have had or been threatened with gangrene, keep off your feet 5 or more minutes each hour of the day and if an amputation, 15 or more minutes.

*Treatment of Abrasions of the Skin*

1. Proper first-aid treatment is of the utmost importance even in apparently minor injuries. Consult your physician immediately.
2. Avoid strong irritating antiseptics, such as sulphonaphtol and iodine.
3. At once after injury some surgeons recommend applications of sterile gauze saturated with medicated alcohol. Keep wet for not more than 30 minutes by adding more of the antiseptic solution. Sterile gauze in sealed packets may be purchased at drug stores.
4. Elevate and, as much as possible until recovery, avoid using the foot.
5. Consult your doctor for pain, redness, swelling, or any inflammation.

